


מ. גראָס-צימערמאַן

# יידן צווישן יידן

•

בוענאָס איירעס

ה׳תשי״ז — 1956



משה פייגענבלום.

# אינהאַלט


מיטאָלאָגיע 1948 — 7
יום־העצמאות — 15
אַנטי־מדבר — 21
אויך דאָס איז ירושלים — 29
צווייטע עליה — 33
בילדער פון דער כנסת — 37
אין שכנות פון באַרג סיני — 41
וואַסער אין נגב — 45
ביים יום־סוף — 49
אָוונט אין באר שבע — 53
דער זיידע — 59
קליינוואַרג אין ישראל — 63
שבת און יום־טוב — 67
„סרוליק — און שוין!" — 75
די זקנים פון צפת — 79
„גרייט זייַן!" — 83
שטאָט אינדרויסן — 87
אין דאָרף פון די ליובאַוויטשער — 91
די באָבע פון באָברויסק — 95
יורדים — 99
סוכות און פּאַלאַצן — 105
טויער צו דער וועלט — 109
אַ שטאָט אַ גרינע — 113
דעמאָקראַטיע — 117
די טעכטער פון מאה שערים — 123
אַמלאָ ביים כותל מערבי — 127
ווייַנגערטנער אין די בערג — 131
אין די חמי טבריה — 135

לוי אשכולס ווירטשאַפטס־פּלאַן — 139
חיים וויצמאַן — 143
יצחק בן־צבי — 149
דוד בן־גוריון — 153
משה שרת — 161
אליעזר קאַפּלאַן — 165
יוסף שפּרינצאַק — 169
ישראל, דער ייִדישער שרייבער און די ייִדישע וועלט — 173

# מיטאָלאָגיע 1948

וואָלט איך געווען אַ מאָלער ביי ייִדן, וואָלט איך אין אַזעלכע צייטן בפירוש אָפּגעלאָזט דעם הימל און דעם ים, די בערג און די זון, וואָס גייט דאָרט אויף פאַרטאָג — וואָס־זשע, זי וועט נישט אויפגיין? זי האָט עפּעס אַנדערש צו טאָן, אַחוץ אויפגיין טאָג פאַר טאָג, לויט אַן אַלטן אָפּמאַך פון בראשית? כאָטש אין תוך גענומען: ווי ווערט דאָס נישט נמאס אַ זון אין די יאָרן צו שפּילן זיך כסדר, פאַרטאָג און פאַרנאַכט, מיט די אייביקע ראָמאַנטישע חנדלעך פון ליכט און שאָטן, פּורפּור און פּערלמוטער, וויאָלעט און קופּער־גאָלד און מסתמא סמאַראַגדיש אויך, און אַלץ יעדן מעת־לעת באַווייזן דער פאַרחידושטער וועלט וואָס מ׳קען — מ׳ווייסט דען נישט?

וואָלט איך, הייסט עס, געווען אַ מאָלער ביי ייִדן, וואָלט איך גענומען די כלים און דאָס פולע האַרץ און וואָלט געמאָלן, אויפן צעברויזטן פּאָן פון ישראלס תנ״כישן געדראַנג, ייִדישע גרויסקייט פון אונדזער צייט: זי אַליין! איך וואָלט זיך אַרויסגעלאָזט איבערן לאַנד און וואָלט זיך געדרייט טאָג ביי טאָג אין פּאָרט חיפה און אויפן פלי־פעלד פון לוד, צווישן אָנקומענדיקע שיפן און עראָפּלאַנען. איך וואָלט געוואָגלט אויף די רוישנדיקע שאָסייען חיפה—תל־אביב—ירושלים, נתניה, טבריה, צפת, רחובות, ראשון לציון, באר שבע און סדום, צווישן צעאַקערטע פעלדער, וואָס האָבן אַמאָל דורות אויף געפּוסטעוועט און געטריקנט צווישן וואַלד־פלאַנצונגען אויף פעלזן — טעראַסעס און ברונימער אין די זאַמד־סטעפּעס, צווישן נייע פאַבריקן און וואַרשטאַטן און צווישן רושטאָוואַניעס פון פרישע קוואַרטאַלן און יונגע שטעט, מיט בלי‌ענדיקע קינדער, מיט ליכטיקע שטיבער אונטער רויטע דעכער, וואָס שפּראָצן אין נגב און אין גליל, אין שרון און אין עמק, אין קאָרידאָר פון ירושלים און לענגאויס דעם ים — און איך וואָלט דאָ געשלונגען מיט אַ זשעדנע האַרץ טריט פון די שבטים אונדזערע, אָנגעיאָגטע פון אַלע לענדער, ייִדן צווישן ייִדן, ייִדן צווישן גרודעס ערד, וואָס שפּרייטן זיך מיט וואַרימער ברכה, ייִדן צווישן מאַשינען, מאָטאָרן, האַמערס און

זעגן, וואָס בויען דאָס נייע לעבן אין אונדזער לאַנד, טראָט ביי טראָט, פּאָר אונ־
דזערע אויגן.

**

אָט איז דער גרויסער עולה: סילועט פון גרויעם אַנאָנימען קאָלעקטיוו, סי־
לועטן פון שיפן, געצעלטן, באַראַקן, ברויט און פּרימוס און אייזערנע בעטלעך
און צאַפּלדיקע שטיקער מענטשן — בראַכוואַרג, צונויפגעוואָרפן אין ישראל פון
אַלע לענדער פון דער וועלט. דאָ דאַרפן זיי אַלע איבערגעגאָסן און איבערגעפּר־
רעמט ווערן אין דעם קליינעם קאָכעדיקן שמעלצטאָפּ, וואָס „היצט זיך" אָפּט
אַזוי נערוועז. שווער צו זמיעשטשען זיך אין אַ שמעלצטאָפּ, שווער צו אָטעמען
אין דער גלי־היץ פון דעם דאָזיקן אַלכימיסטישן וואַרשטאַט, ווו מען שמידט פון
דיר אויס היסטאָריע. פאַראַנען ייִדן וואָס זענען מיד פון „דינאַמיק" — יוצא גע־
ווען! — און זיי גאַרן פּשוט אַוועקצולייגן דעם קאָפּ און רוען.

אָבער דער גורל לאָזט נישט. קומען ייִדן אָנגעוואַרפן פון אַלע ווינטן און
ווייען, קומען אָפּט ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, ייִדן מיט אומרו און קינדערלעך
און פּעק, נאַקעט און באָרוועס, אָנגעשטאָפּט מיט אָרעמקייט, קורחס אוצרות
אָרעמקייט, מיט שאָטנס פון אומקום אין די צערודערטע הערצער, און ווערן באַלד
אַוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים מיט אונדזער אַלטער האַרבער נאַטור, מיט מדבר
און פעלזן, מיט טריקעניש און געלער ליידיקייט. שטייט דער נייער עולה, נאָך
אַזאַ לאַנגער וועלט־וואַנדערונג, ווידער אויף דעם אָרט, ווו אברהם אבינו האָט
געהאַט אַמאָל אָנגעהויבן, מיט חומשדיקער וואַגלעניש און מיט הונגער, מיט ברו־
נימער און מיט מלאכים און מיט אַ טראַגיש־גרויסן בונד מיט גאָט, פּאָר וועלכן
מיר האָבן אַזוי טייער באַצאָלט און האַלטן נאָך אַלץ אין איין צאָלן ביזן היינטיקן טאָג.

אַוודאי איז שווער, וואָס גראָד אויף די צעבראָכענע פּלייצעס פון נייעם עולה
נעמט איצט מקויים ווערן אין ישראל אַזאַ שווערע תנ"כישע נבואה: ...„וקיבצתי...
ואספתי... והבאתי... וגאלתי..." מיר האָבן זיך אַלע דורות געשפּילט מיט די דאָזיקע
פּסוקים, וואָס האָבן צוגעזאָגט גרויסע הבטחות — האָבן מיר זיך שטילערהייט
געטרייסט: מילא, פאַראַן צייט!... מיר האָבן אַן אַלטע טראַדיציע פון אָפּגעלייגטע
משיחס צייטן — האָבן מיר זיך איצט אויך פאַרלאָזט אויף די נאַרמאַלע פאַרשפּע־
טיקונגען. אָבער אָט האָבן זיך די פּסוקים מיישב געווען און האָבן גענומען מקויים
ווערן אויף אַן אמת: שטיקער עמוס און צפניה און טאָקע ישעיהו אַליין, וואָס האָט
אַמאָל אין פאַרזונקענע יאָרטויזנטער אַרויסגעקוקט צום סוף פון די דורות —
האָט ער דאָך געזען דעמאָלט אויך דעם ייִד פון וווראָצלאַוו מיט זיינע פאַרשטומטע
דריי יאָר, לעבעדיק באַגראָבן אין אַ פּוילישן קבר, און איינעם אַ ייִד פון מאַרקאָ־

לעשט אין רומעניע, וואָס אין איין איינציקער נאַכט האָט מען אים אויסגעהרגעט די גאַנצע משפּחה פון ניין נפשות און אים אַליין האָט מען איבערגעלאָזט, אַן אָפּגעליידיקטן טויטן בוים, אַרומגעהאַקט פון אַלע זייטן.

און אָט זענען זיי אַלע, אַלע: האַרעפּאַשניקעס פון יאַס און סוחרים פון פּוילן, אַגענטן פון גריכנלאַנד און בולגאַריע, וואַלדהעקערס פון סלאָוואַקיע, ייִנגוואַרג פון קאַסאַבלאַנקאַ, גאָלדשמידן און טעפּיך־וועבערס פון פּערסיע און איינער אַ ייִד פון בבל, ברייטע ווייבערישע פּלודערן מיט אַ געוויקלטן טורבאַן, אַ ייִד פון אַ הייל, ערגעץ אין שכנות פון גמראדיקן רב פּפּא, מיט אַ שווערער איילבירט־באָרד אויף אַ געל פּנים, מיט צעוואַקסענע גרויסע ביינער, ליגן אויף אַ שאָסיי און צעהאַקן פעלזן אין די בערג פון יהודה. און ווידער אַ משפּחה פון פישערס פון מאַראָקאָ און אַ רעדל תימנער: טומל און תהלים, לאָפּאַטעס, קינדערלעך און ערדענע טעפּ, און אַן עקזאָטישער קאַראַוואַן כאַבאַנער ייִדן, הויכע צעדערביימער איינס ווי איינס, ווי אויסגעשניטן פון „נביאים ראשונים״, ברוינע מענער מיט שמשון הגבורס לאָקן און מיט לאַנגע געקרייזלטע גלאַנציקע בערד ווי געפלאָכטן פון שוואַרצן האָניק. און איינער אַ ייִד קומט פון אינזל יאַוואַ און מיט זיי און אַרום זיי אַ וועלט מיט ייִדן פון אַלערליי לענדער, צאַפּלדיקע שטיקער קיבוץ גלויות, פאַרלוירענע שבטים, שאָטנס פון טויט־לאַגערן, אויסגעלאָשענע האַלאָוועשקעס פון קרעמאַטאָריעס — מיט וועלכע מיר נעמען זיך אונטער אין ישראל, גאַנץ העזהדיק, ווערן פונסניי אַ גרויס פאָלק.

***

וואָלט איך געווען אַ מאָלער, וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט מיט די כלים און געשטאַנען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ ביי דעם דאָזיקן שטומען, הימלשרייענדיקן אַנאָנימען קאָלעקטיוו פון צאַפּלדיקע שטיקער לעבנס־גורל. געווען אַ ייִד אַ גביר אין טשערנאָוויץ, איצט צעגראָבט ער צום ערשטן מאָל מיט אַ שאַרפער לאָפּאַטע די איינגעשפּאַרטע ערד — צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן און מסתמא אויך אין לעבן פון דער ערד. זי האָט שוין לאַנג נישט געפילט דעם טעם פון מענטשלעכער קראַפט און וואַרעמקייט. רירט זיך איצט פון גליווער די פאַרקאָוועטע ערד און וואַרט מען זאָל איר אָנטאָן דאָס פולע גליק פון באַפרוכפּערונג. הייבט אויף אַן אַנדערער מיט דאַרע, שפּענערדיקע הענט אַ גבורהדיקן האַמער און רייסט אַרויס שטיקער פון אַ פעלז און אַרום אים פאַרעט אַ רעדל טומלדיקע תימנער ביי צעגליטע פעסער סמאָלע אויף אַ שאָסיי, וואָס שניידט זיך העזהדיק דורך אַ געוועזענעם זומפּ.

און אָט הענגט אַ ייִד אויף רושטאָוואַניעס און גליטשט זיך אויף לויזע לייי־

טערס מיט אַ פולער פלייצע ציגל. וועגן אָט דער פלייצע האָט דער ייִד קיינמאָל נישט געטראַכט. מען האָט זי נישט באַדאַרפט. וואָרום געאַרבעט אויף דער בו־דאַפעשטער תבואה־בירזשע האָט ביי אים דער פלינקער, פאַרמאַטערטער קאָפּ, און ווער ווייסט, וואָס עס האָט אַמאָל געטון אָט דער פון לעמבערג, וואָס קאָוועט איצט באַן־שינעס נעבן דעם דאָרף הר־טוב אין די בערג פון יהודה? ווער פרעגט אים דען? און וואָס איז די נפקא־מינה וואָס יענער דאָרט אויף אַ טעלעגראַפן־סלופּ אין חיפה האָט אין אַ קלויסטער־גימנאַזיע אין קלוזש, טראַנסילוואַניע, מגלה געווען די תורה פון אומרעגלמעסיקע גריכישע צייטווערטער? און וואָס פאַר אַ דאגה האָט איר מיט אָט דעם מענטש הינטער אַ טונקעלן טויער אין דער הערצל־גאַס פון תל־אביב? הענגט דער טויער אַזוי זיך, און קיק הויז צו אים איז נאָך נישטאָ — מילא! שטייט דער ייִד, אַ שפּיציק בינטל גרויקייט מיט שפּאָקולן און דאָס בערדל — אַ דאגת־פרנסה־בערדל: אַ שטיק סאָזשע מיט לעבנס־עקשנות. שטייט דער ייִד איבערגעבויגן איבער אַ מין וואַרשטאַט, וואָס איז אויך נישטאָ, און ער דלובעט און שרויפט און מלאכהוועט — עפּעס וועט שוין דערפון אַרויס־קומען, דאָס אָדער עפּעס אַנדערש, היינט אָדער מאָרגן, דער עיקר: נאָר וואָס אַנגעקומען פון שיף, האָט זיך דער ייִד באַלד אָוועקגעשטעלט עפּעס טון. „איך בין — זאָגט ער — „אַן אָרעמאַן מיט פּריוואַט־איניציאַטיוו".

***

שטייען זיי אַלע פּנים אל פּנים מיטן מיטאָלאָגישן אַנהויב. דאָס איז מיטאָ־לאָגיע פון היינט, מיטן טראַקטאָר און בולדאָזער — און ווידער מוז דער מענטש אַרויס באַצווינגען די נאַטור. דאָס איז דער אייביקער פּענאָמען פון וועלט־באַשאַף. די וועלט איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק און אוודאי נישט די צעבראָכענע ייִדישע וועלט. איך זע די אַלע ייִדן ביי דער אַרבעט, אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד: מענטשן געבויגענע און דערהויבענע, נאָך פאַראומערטע און באַלד גע־טרייסטע, מיט אויפשפּראָצנדיקן נייעם גלויבן אין זיך אַליין, מיט באַנייטער לעבנס־העזה, מיט טונקעלע גריבער צער אין די אויגן, וואָס פרוווט זיך ווערן פאַמעלעך קליינע ערלעכע לעבנס־פרייד אין ישראל — ווי־זשע קען מען דאָס אַלץ נישט מאָלן? מיט וואָס זענען בערג און ביימער חשובער ווי איינער אַ ייִד פון קורדיסטאַן, וועלכן איך האָב נישט לאַנג באַגעגנט אין אַ דאָרף אין גליל: איינגעוויקלט אין אַ בונטן בורנוס, מיט אַ פּרוכתדיקן געשטיקטן טורבאַן אויפן קאָפּ, אַ זקן אַ דעמב, באַשאָטן מיט פאַרהאַרטעוועטע גרודעס ווייסן שניי אינ־מיטן פּנים, ווייסע גרודעס באָרד און ברעמען צווישן אַלע סענקעוואַטע ביינער, אַנגעוואָרפן אָן אַ טאַלק. די ביינער דיבען שוין אין דעם פּנים אוודאי אַ יאָר־הונדערט און האָבן כוח אויף נאָך: וואָס איז ס'יאָגעניש?

באַלעבאַטעוועט דאָ דער אַלטער איבער עטלעכע טוץ זין און אייניקלעך און אוראייניקלעך, אַ גאַנץ דאָרף מיט אייגענע משפחות, צעצווייגטע, באַהאָפטענע, וואָס זענען געקומען צו פליען אַלע אינאיינעם אין אַן אַנגעשטאָפּטן עראָפּלאַן פון יענע לענדער ערגעץ: נאָך אַביסל קינדערלעך און נאָך אַ קרענצל. אַרום דרייט זיך אַ בחור פון אַמעריקע, אַ פּילאָט, וואָס האָט עפּעס צו טון דאָ אין גליל. איז ער זיך „אַזוי" אַ גאַנצער מאַכער אונטערן הימל, קאָמאַנדעוועט די שטאָ־לענע פייגל דאָרט אויבן — דאָ אָבער צאַפּלט ער, אַ פאַרלוירענער, און קען זיך קיין עצה נישט געבן מיט דעם יונגלשן שטיקל האַרץ, וואָס איז פאַרפאַלן גע־וואָרן ביי דעם מיידל פון קורדיסטאַן. שטאַמלט דער „באַי" אַ מין יענקיש־העברעיִשן ציטערדיקן שטום־לשון, ווי עס שטאַמלען אַלע בחורים אויף דער גאַנצער וועלט: מסתמא ווייסן זיי דאָך...

בין איך געווען די טעג אין אַ דערפל אָן אַ נאָמען אין די בערג פון יהודה, הינטער דעם תנכישן כסלון, די היים פון שמשון הגבור. ס'איז שפּעטער בלויער אָוונט אונטערן פרייען הימל, אין אַ פּרימיטיוו־נאַטירלעכן אַמפּיטעאַטער, ווו מען שפּילט שטיקער חומש און אגדתות פאַר די נייע עולים. קומען זיך צונויף נאָך דער אַרבעט עטלעכע טויזנט ייִדן פון די אַרומיקע דערפער, זעצן זיך אַוועק אויף דער ערד און קוקן און הערן צו יעקב אבינו, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, יעקב מיט רחלען אויף דער בינע, און לאַשטשען זיך מיט די בליקן צו דעם שפּיל פון תנכישע פּסוקים און צו די נישט־לאַנג פאַרפלאַנצטע יונגע ביימלעך, וואָס פּריצעווען נאָך דערווייל אין דער אוראַלטער לאַנדשאַפט און ווייסן נאָך אַליין נישט, ווי אַזוי נעמט מען און מען ווערט אַ וואַלד ביי ייִדן.

מישן זיך דאָ אונדזערע „ראַסן", שטיל און כמעט אָן „וויסנשאַפט". אָט זענען ברייטפּלייציקע מאָלדאַוואַנישע ייִדן, מאַמעליגע מיט ווייסן וויין און קאָרגן א"ב. זיי אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון צעמענט־רערן. אַנדערע מאַכן נעצן פאַר די פישערס פון אילת. דאָ רוט מען זיך אָפּ און מען וואַרט אויף טעאַטער. דער אָוונט איז קיל. זיצט מען אין קליינשטעטלדיקע קורטקעס און אין אויסגענייטע רומענישע פּעלצ־לעך. שפּייט מען מיט אַ דינעם סווישטש די צעקנאַקטע ביס־שאָלן איבער אַלעמענס קעפּ. דערווייל כאַפּט מען אַ שמועס פאַרן שפּיל אין אַמפּיטעאַטער, אויף אַ מאָדנעם תרגום־לשון פון דער מגילה מיט אַ רעדל תימנער, פרומע און פריילעכע און גאָל־דענע הענט. די ברוינע, טרוקענע ייִדעלעך פון תימן, דאַר און פלינק, לערנען זיך גיך אויס אַלע קאָמפּליצירטע מלאכות און זענען אַלע איבערגעפּולט מיט דער פרייד פון משיח, וואָס איז אַליין געקומען צו זיי אין פינצטערן דאָרף, צווישן ליימענע כאַטעס און פּחדים און ביזע גויִים פון אימאַם, האָט זיי אויסגעלייזט פון קנעכט־שאַפט און שפלות און געבראַכט אַלעמען קיין ציון, ווו מען אַרבעט און מען זינגט און מען לערנט און עסט געמאַלענעם באַקסער מיט בוימל און פעפער און גרויסע

געברוינטע „פּלעץ״, און עסט געמאָלענעם באָקסער מיט בוימל און פעפער און גרויסע טשאָלנט: — וויזשע קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?

און איינער, אָנגעשפּאַרט אין אַ פּניאַק פון אַ פעלז, איז אַ האָלענדישער בחור מיט אַן אויסגעגאָלטער וואָנסע איבער אַ האַרט בערדל: אַ וואַסער־טעכניקער. און אָט איז אַ „שוועד״, וואָס אָרדנט איך אין דעם געגנט סאַזשלקעס מיט פיש. דער שוועד איז פון גאַליציע. אַנטלאָפן אין דער מלחמה פון אַ טויטן־צוג. פאַרוואַלגערט געוואָרן קיין סקאַנדינאַוויע, עפּעס געלערנט דאָרט — איז ער איצט געקומען קיין ישראל, אויסלעבן דאָ דאָס געלערנטע. דאָס איז די יידישע לעבנס־תורה, פון וועל־כער עס צערעדט זיך אַזוי וואַרעם דער אַדוואָקאַט פון בראַטיסלאַווע, וואָס פלעגט אַמאָל פאַרטיידיקן אָרעמע פּויערים פאַר סלאָוואַקישע געריכטן — איז אים פון דעמאָלט געבליבן אַ גרויסע פּריצישע וואָנסע, מאַדיאַריש פאַרדרייט, וועלכע הענגט איצט אַן איבעריקע אין דעם אומעטיקן יידישן פּנים. אין ישראל האָט ער זיך אויסגעלערנט סטאָלעריי און האָט געשאַפן אַ בעל־מלאכהשן קאָאָפּעראַטיוו אינאיינעם מיט אַ ייד פון ווילנע און מיט אַ יונגנמאַן פון טוניס, וואָס טראָגט אַ גילדן אוירינגל פאַר אַ גוט אויג און עפּעס אַ וווילויונגערישע פּעלערינע, וואָס גיט אים צו דעם אויסזען פון אַ מעקסיקאַנישן טאָרעראָ. אָט גיט ער אַ טענצל אַריין אין דער אָנגעפּאַקטער אָרענע און נעמט זיך שפּילן מיט דעם צערייצטן בוהיי. אָבער דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי — וואָרום באמת האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ לובלינער מיידל, וואָס האָט געלעבט אין ווין און האָט אַזוי וווּנדערלעך אַרויסגעראַטעוועט איר ווייכע שטראָלנדיקע שיינקייט פון אַלע לאַגערן פון שרעק און טויט. איצט האָט זי אַ פלאַנטאַציע פון רויזן און עקספּאָרטירט בלומען קיין ענגלאַנד און שווייצאַריע.

***

וואָס־זשע וועט זיין מיט די אַלע יידן אין דעם צערודערטן שמעלצקעסל ישראל? ברויזן צונויפגעפּרעסטע שעפערישע כוחות אין דעם שווערן געבענטשטן לעבנס־געראַנגל פון יידן אין ישראל. דאָס איז נאַטור — שוין איינמאָל נאַטור! — דאָס אַלץ וואָלט איך געמאָלן און דעם רעשט געלאָזט שטיין: די פעלזן, די כוואַליעס, די כמאַרעס. זיי אַלע זענען שוין איינגעאָרדנט, ווי ס'ביט איז, און זיי קענען זייער שטיקל קאָסמאָס אַליין באַשטיין. דעם טיפסטן ציטער אָבער דערוועקט אין מיר דער מענטש מיט זיינע פּחדים, מיט זיינע טרוימען. איך זאָג „דער מענטש״ און מיין בפירוש דעם ייד — כאָטש דאָס איז, זאָגט איר, „שאָוויניסטיש״ — מילא, האָב איך מורא פאַר אַ פרעמד וואָרט?

יאָ, דאָס איז דער יידישער מענטש ביי היינטיקן טאָג אין ישראל — צי קריגט מען ערגעץ ביליקער מעשי בראשית? אוודאי איז שווער צו לעבן אין משיחס צייטן.

מענטשן זענען צוגעווינט צו שאַבלאָנען אין אַלע פֿאָרמען — און ביי אונדז אין ישראל איז דאָס ערשטע, וואָס מען מוז טון אין דער איצטיקער שעה: צעברעכן דעם שאַבלאָן. אָנהייבן אַלץ פֿון סאַמע אָנהייב. פֿאַרצייטנס האָבן מיר געהאַט אין גלות צו אונדזער רשות אַ געענדיקטן אָנהויבער: דער גוי. ער האָט געלייגט די פֿונדאַ־מענטן, דאָס דאָרף, דאָס ברויט; — מיר ייִדן האָבן צוגעגעבן נייע אויפֿטוען. מיר האָבן שפּעטער אַנטוויקלט און פֿאַרבעסערט זאַכן, וואָס ער האָט געמאַכט דער ערשטער. אין ישראל איז יעדער ייִד „זיין אייגענער גוי“: דער פּויער און דער מולער אויף די רושטאָוואַניעס און דער, וואָס דרייט אייזן אין פֿאַבריק און האַקט שטיינער אין די בערג און אויפֿן שאָסיי, און די, וואָס טריקענען אָפּ זייערע ביינער אין גלי פֿון טויטן ים, און דער מאַטראָז אין אילת און די ייִנגלעך אין נגב און דער פֿאַרסאַזשעטער לאָקאָמאָטיוו־פֿירער און דער פּאָליציאַנט, וואָס האָט אַמאָל צו טון מיט פֿריקרע זאַכן, דער מיניסטער און דער בריוטרעגער און דער לערער — אַלץ טוען מיר אַליין, פֿון סאַמע אָנהייב אַליין, מיט אַלע, אַלע שוועריקייטן: — צי האָבן מיר אַ קאָנטראַקט מיטן גורל אויף אַ לייכט לעבן?

טרעפֿן זיך וועלטן אין ישראל, אָפּגעבראָכענע שטיקער פֿון דעם צעצווייגטן ייִדישן לעבן. זוכט יעדער אַן אָרט פֿאַר זיך און אין אָנהייב פֿאַרשטייט נישט אַלע־מאָל איינער דעם אַנדערן און אפֿשר קוקט מען אין דער ערשטער צייט אַביסל קרומלעך איינער אויפֿן אַנדערן — אָט באַלד, נאָך אַ האַלב יאָר און נאָך אַ יאָר, נאָך אַביסל אַרבעטן אַלע אינאיינעם, אין שטאָט און אין קיבוץ, אין דער אַרמיי, אין פֿאַבריק, ביים שאָסיי — וועלן זיך די שבטים צונויפֿזאַמלען נעענטער איינער מיטן אַנדערן: ייִדיש, פּויליש, ענגליש, לאַדינאָ, פֿראַנצויזיש, אַראַביש, עברית און די שוואַרץ־חנוודיקע תימנקע וועט אין דער אַלטער, אייביקער אַן־לשונדיקער שפּראַך פֿון דער יוגנט אַ שמייכל טון צום באַי פֿון פֿילאַדעלפֿיאַ און אַלץ וועט מיט איינמאָל קלאָר און נאָענט ווערן און עס וועט זיך אָנהייבן אַ ניי שטיק ייִדישע וועלט.

דאָס לאַנד העלפֿט און לאָזט נישט פֿאַלן דעם נייעם עולה — דעם רעשט נעם און באַשאַף אַליין, טאַקע דו, מיט די צען פֿינגער! דו ביזט ביי דיר אין דערהיים — אָבער וואַרט נישט אויף קיין גרינגע גליקן. קיינער האָט דיר מער נישט אָנגע־גרייט, אַ חוץ זאַמד און שטערן און ווינטן. שאַקאַלן ביינאַכט און פֿלאַקער־זון ביי־טאָג און צו דעם אַלעמען — דעם שטאַרקן צוואַנג, אָנצוהייבן תיכף, אויפֿן אָרט, ווי מען שטייט און גייט. שפּיל זיך נישט! מאַך נישט דעם אָנשטעל, אַז ס׳איז נאָך ערגעץ אָפֿן פֿאַר דיר אַ וועלט. אָפֿן איז דער מדבר, וווּ מיר האָבן אַמאָל, אַמאָל געהאַט אָנגעהויבן אונדזער ייִדישע וועלט־קאַריערע — נעם און צעאַקער אים! מען וועט דיר העלפֿן, ברודער! לייג אַריין אין אים רמ״ח איברים מיט מסירת נפש — מיט ווינציקער וועסטו דאָ נישט אויסקומען. די נאַטור אין דעם קאַנט האָט זיך אָפּגע־וווינט פֿון געבן ברויט — נעם און דערמאָן זי, באַצווינג זי! באַצווינג דיך אַליין!

אוודאי און אוודאי: אַמאָל יאָגן קאַלטע ווינטן ביינאַכט און פייפן אַריין אין די צעלעכצטע געצעלטן און אין די ימות הגשמים דרייבזשעט אַ זלידנער רעגן ביי טאָג און ביינאַכט אויף די בלעכענע באַראַקן; אַ רעגן פון אונדזערע רעגנס, וואָס מיינען מיינט ער עס פון ברכה־וועגן — דערווייל אָבער קריכט ער אין די ביינער, אין די צעקרישלטע ביינער, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון דעם געשאָנקענעם פראַק. אַזוי לעבט דער נייער עולה אין די ערשטע טעג פון חבלי קליטה, איידער ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. נאָר־וואָס איז ער אַראָפּ פון שיף. זיין לאַגע? — ער האָט נאָך אינגאַנצן קיין לאַגע נישט. — אַז ער וועט זיך „אַרויפאַרבעטן", וועט ער האָבן אַ שוווער בכבודיק לעבן פון אַ יידישן האַרעפּאַשניק, וואָס שטייט אויף זיין אייגענער ערד, עסט זיין אייגן ברויט, איז מגדל אַ משפחה און פאַרפונדעוועט איינעם מיט זיין אייגענעם לעבן די צוקונפט פון פאָלק — און ערשט דערנאָך וועט ווערן גוט און נאָך בעסער.

מיר געדענקען דאָך אַלע, ווי אַזוי מען האָט דאָ אָנגעהויבן מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, תנ"ך פון אונדזערע אייגענע טעג, ווען גאָרנישט איז געווען אין ארץ ישראל, חוץ מאַלאַריע און התלהבות, פאַרשימלט ברויט און פאַרדעכטיקטע שאָטנס פון באַנדיטן הינטער יעדן בוים. די געצעלטן — פול מיט ווינט און געזאַנג און דער מדבר גייט דיר ביז צום האַלדז און דאָס יידישע פאָלק איז ווייט — און דאָך האָבן אַלע, אַלע געוווּסט: דאָס איז אַ שווערער באַרג־אַרויף פון אונדזער פאָלק — נישטאָ קיין לייכטער. זאָגן חכמים, אַז אָן תוהו ובוהו איז נאָך קיין וועלט נישט באַשאַפן געוואָרן און אַז דאָס איז דער רוישטאָף, פון וועלכן עס ראַנגלען זיך אַרויס ליכט און פרייד. דאָס איז אונדזער נאַציאָנאַלער גורל.

# יום העצמאות

געזאַנג אין די גאַסן, פּאַראַדן, פּענער, קינדערלעך, סאָלדאַטן, קונסט און ספּאָרט און סקאַרבאָווע פייערווערק אויפן אָוונטלעכן הימל; הלל אין די שולן און יום־טובדיקע טישן אין יידישע שטיבער מיט ליכט און מיט קידוש און מיט „שהחיינו" — יוגנט־פרייד פון אַן אַלט פאָלק. ס'איז צוגעקומען אַ נייער יום־טוב דעם יידישן פאָלק, יום העצמאות, פאָלקס־יום־טוב פון בית שלישי, אַ יום־טוב, אַזוי יונג ווי אונדזער מלוכהשע סוווערעניטעט, אַ „גרינער" יום־טוב נאָך, מיט קנאַפּ טראַדיציע, אָן סטיל, און שטייגער. מסתמא האָבן די ערשטע פסח־ימים טובים אין די גרויע חומשדיקע יאָרן, באַלד נאָך יציאת מצרים, אויך אויסגעזען אַביסל פּאַ־רעווע און אפשר האָבן זיך פּעליטעטאָניסטישע פיינשמעקערס אַרום משה רבינו אויך געקרימט מיטן מאַנגל אין „טראַדיציע". ערשט אין משך פון די דורות, האָט זיך דער פרייהייטס־יום טוב פסח אָנגעטרונקען מיט שטראַלנדיקן גלאַנץ און האָט באַקומען קדושה.

אין גלות זענען מיר יידן אַלעמאָל געווען גרויסע בריות אויף נייע תעניתים און טרויער־טעג. קיין גזרות האָבן נישט געפעלט, קיין רשעים אויך נישט — האָט מען זיך אָוועקגעזעצט און געפאַסט מיט רחבות. שמחות אָבער האָט מען קוים געפּראַוועט די אַלטע, פאַרהייליקטע — און מ'האָט זיך נעבעך משמח געווען על פּי שולחן ערוך. אין מיינע יונגע יאָרן אין שטעטל האָב איך געהאַט אַ מלמד: הויט אוןביינער און תיקון חצות און ספאָדעק, מקובל און מקבל — דלות מיט דאַפּלטן הכנסה־קוואָל. דער ייד האָט געוואָרט אַלע יאָרן אויף משיחן און געפאַסט תעניתים, כדי מקרב צו זיין דעם קץ, געפּראַוועט סיגופים און מקוואות און געקאַטשעט זיך ווינטער אין שניי אויף אָפּקומעניש: אַ מיסטישער נאַשער געווען מיט אַ שטאַרקן יצר הרע צו מצוות. דער ייד פלעגט פאַסטן משבת לשבת און איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען. עבירות, נעבעך, גאַנצע בערג — און וואָס קען איין מענטש אַליין אויפטון, מישטיינסגעזאָגט, מיט אַ דריי־פיר תעניתים אַ וואָך! ער האָט געליטן פון אַ וואַקסנדיקן דעפיציט. האָט זיך דער מלמד מיישב געווען און דורכגעפירט אין

זיין אייגענעם רשות אַ נייע פאַרצעלאַציע פון די מעת־לעתן, קלענערע צייט־איינ־הייטן און מער תעניתים — אַז סיי ווי, קיין כוח האָט ער נישט געהאַט און האָט אויך נישט באַדאַרפט, כאָטש געווען איז ער אַ „גבר״ אין צעבראָכנקייט: אַ שטאַרקער שלאָפער.

דאָס איז געווען מיין מלמד און מסתמא אויך אייערער — און אַזוי זענען מיר אַלע יאָרן געווען פאַרצייטנס אין די שטעטלעך — אַטלעטן פון תעניתים און ווירטואָזן פון טרויער: בעלי־בכי מיט קאַלאַראַטור. היינט, אין דער באַפרייטער ישראל, האָבן מיר זוכה געווען צו נייע שמחות, נייע נאַציאָנאַלע ימים טובים, וואָס מיר האָבן אַליין געשאַפן. אַמאָל זענען מיר ייִדן געווען אָביעקטן פון דער וועלט־געשיכטע: אַנדערע האָבן זי געמאַכט און מיר האָבן פון איר געליטן און, אין בעסטן פאַל, האָבן מיר זי באַשריבן. מיר זענען געווען די בוכהאַלטערס פון דער וועלט־געשיכטע: „מענטשן״ ביי יענעם. מיר זענען געווען די אויסגערופענע פאַרזאָרגערס פון וועלט־גליק פאַר אַלעמען, געשמירט מיט ייִדישן מאַרך און בלוט די רעדער פון פּראָגרעס פאַר אַנדערע, געטראָגן די פענער פון פרייהייט פאַר אַנדערע, געטאַנצט אויף אַלע פרעמדע שוואַרצע חתונות, אומעטום פול, אומעטום וויסט און ליידיק, געפלאָנטערט זיך צווישן די פיס פון דער מענטשהייט און געענדיקט אונדזער טראַגישע וועלט־קאַריערע אין גאַז־קאַמערן. מיר האָבן אַלעמאָל אַריינגעלייגט אונדזערע בעסטע כוחות אין דער באַמיִונג, געפעלן צו ווערן יענעם. מיר האָבן זיך געבויגן און געבראָכן, געמאַטערט דאָס אייגענע פנים, געקרעמפּעוועט די אייגענע נשמה — אַלץ אויף געפעלן צו ווערן עמיצן. מיר האָבן צו אונדזער אייגענעם פנים קיין מוט נישט געהאַט. אין קרענקלעכן ייִדישן זעלבסט־האָס האָבן מיר זיך אַליין אָפּגעגאָסן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט דעם בייסיקן חוזק, כדי ס׳זאָל אַרויסקומען אַ קלאַסישער האָצמאַך — און דער גוי, דער באַלעבאָס פון דער וועלט, האָט געקייכט פון געלעכטער איבער אונדזער חריפותדיקער ייִדישער זעלבסט־פאַרניכטונג. איך האָב געקענט צוויי מאָדערניסטישע ליטעראַטן אַמאָל אין פּראָג. ביידע ייִדן, ביידע ראַפינירטער קאַפּויער. זאָגט איינער צום אַנדערן: „איך האָב זיך אינערלעך אַזוי דערווייטערט פון זיך אַליין, אַז טיילמאָל קוק איך אויף מיר און דערקען זיך נישט״. — „און איך״ — שפּרינגט אים אַריבער דער אַנדערער — „האַלט שוין אַזוי ווייט פון מיר אַליין, אַז איך ווער פּשוט צעזעצט פון פרייד, ווען איך בין אויף צרות״.

זאָלן מיר שוין אָפּגעהיטן ווערן פון די ניהיליסטישע איבער־חכמות פון דער וועלט־קיבעצאַרניע, וואָס מאַכט, אין פאַרשידענע „סטילן״, קאָזשעלקעס ביים אייגענעם אָפּגרונט: וויניקער „חכמה״ וועט זיין געזינטער. מיר, אין ישראל, האָבן זיך אויסגעלערנט צו זאָגן אַ קלאָרן „יאָ״ צו זיך אַליין, צו אונדזער נעכטן און היינט און מאָרגן, צו אונדזערע דערגרייכונגען און אפילו צו אונדזערע שטרויכלונ־

נען. יום העצמאות הייסט נישט נאָר יִדישע מדינה, רעגירונג, אַרמיי, פּאַרלאַמענט, קיבוץ גלויות, נאָך יִדישע שבטים, נאָך שטעט און דערפער, נאָך כוחות, וואָס פעס־טיקן אונדזער אומאָפּהענגיקייט — יום העצמאות דאַרף אויך ווערן דער יום טוב פון אונדזער מאָראַלישער אויפהייבונג, באַפרייונג פון יִדישן מענטש פון גלותדיקן שפלות־קאָמפּלעקס. דאָס איז דער טיפער זין פון אונדזער נייעם פרייהייט־יום טוב. מיר האָבן, אַהיימקומענדיק צו אונדזער ערד, אַנטפּלעקט אין זיך נייע עלעמענטאַרע כוחות און מיר ווילן דינען דער מענטשהייט, זייענדיק דאָס, וואָס מיר זענען — און נאָר דאָס אַליין, אָבער דאָס ווידער: וואָס אַמאָל ריינער און אמתדיקער. האָט אַמאָל געזאָגט איינער אַ גוטער ייד: „פאַרוואָס האָט דען נישט דער מענטש, וואָס ער וויל? ווייל ער וויל נישט, וואָס ער האָט; — וואָלט ער אָבער געוואָלט, וואָס ער האָט, וואָלט ער דאָך געהאַט, וואָס ער וויל".

איך געדענק יענעם פרייטיק נאָכמיטאָג אין תל אביב: 14טער מאַי 1948. עס איז געווען היסטאָרישער בין השמשות און די שטימונג — ליקוי חמה. די ענגלענ־דער פאַרלאָזן דאָס לאַנד; אָט גייען אַוועק זייערע לעצטע באַטאַליאָנען און מיר בלייבן אין כאַאָס, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט צוגעגרייט. די אַראַבישע מלוכות מאַרשירן צו אונדזערע גרענעצן און דאָס יִדישע פאָלק איז ווייט. דאָס לאַנד שטייט אין קאַמף און יעדע שעה קומען־צו נייע קברים. אין יענעם פרייטיק נאָכ־מיטאָג האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שטאָט־מוזיי פון תל אביב אַרום דריי הונדערט מאַן, פירערס פון ישוב און אַ קליינע צאָל זשורנאַליסטן. מיר זיצן צונויפגעפּרעסט און די הערצער ציטערן. אינדרויסן פלאַצן באָמבעס פון שונאס עראָפּלאַנען. דער זאַל פון מוזיי איז אָנגעגליט מיט שפּאַנונג. דער רוב פון די פאַרזאַמלטע ווייסט נישט, צוליב וואָס מען האָט גערופן, כאָטש אַלע פילן די נאָענטקייט פון אַ גרויסער שעה. אין דער רגע קומט אַריין דוד בן גוריון און מיט אים איניינעם — די מיט־גלידער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. בן גוריון לייענט איבער די מגילה פון ישראלס מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט און דער עולם צעגייט זיך, פאַרשטומט פון אויפטרייסלענדיקן גליק. איך פיל נאָך היינט דעם יום טובדיקן טעם פון די טרערן, וואָס האָבן מיר געבריט אין די אויגן און געשטיקט אין האַלדז. דערנאָך זענען געקומען טעג און נעכט פון אומרו און שפּאַנונג און פון בלוטיקן געראַנגל פאַר יעדן שטיקל פעלד, פאַר יעדן בערגל, פאַר יעדן שאָסיי און יעדן הויז. אויף אַלע וועגן פון לאַנד — יונגע קברים און אויף אַלע ווענט און פאַרקאַנטעס ווייִנען נאַסע שוואַרצע טרויער־מעלדונגען און מיט זיי איניינעם ווייִנט דאָס גאַנצע לאַנד אויף דעם פאַרגאָסענעם האַרץ־בלוט פון דעם יונגן, אָפּגעציטערטן ישוב, וואָס וואַקלט זיך נאָך און קען נאָך נישט שטיין אויף די פיס — אָבער אַלע האָבן געזען און געפילט: דאָ ווייִנט אַ פאָלק אין סאַמע מיטן גבורה. זע איז די מאַמעס און טאַטעס, וואָס קומען פאַרטאָג צום הדסה־שפּיטאָל אין תל אביב און צו אַנדערע אימפּראָווי־

זירטע שפּיטעלער, און גייען דורך די רייען צוגעדעקטע בינטלעך יונגע ביינער: פרישער שניט פון דער נאַכט. די געפאַלענע זענען על פּי־רוב יינגלעך פון די שולן, פון קיבוצים, פון וואַרשטאַטן, — און די טאַטעס און מאַמעס, פאַרקלעמטע פון נישט־אויסגעוויינטע הערצער, מיט רויט־אָנגעצונדענע אויגן, צעשיידן זיך שטום פון די צוגעדעקטע בינטלעך און גייען צו זייערע אַרבעטן. דאָס איז געווען דער פאַרהייליקטער נוסח פון יענע טעג.

אַזוי איז געשען דער נס פון ישראלס נצחון. אַרום אַ וועלט מיט אַראַבישע שונאים, מיט האַרמאַטן און טאַנקן און עראָפּלאַנען און מיט אינטערנאַציאָנאַלע אינטריגעס — און מיר זענען וויניק און שוואַך און האָבן אין פאַרמעג עטלעכע געציילטע מיזערנע טאַנקן. אָבער וועגן אָט די אַרעמלעכע יידישע טאַנקן האָט מען שוין דעמאָלט געזאָגט, אַז זיי זענען געשטאַנען אַ סך שנעלער, איידער די אַראַבישע זענען אַנטלאָפן.

דאָס איז געווען דער אָנהייב. די ערשטע זיבן יאָר פון יענעם בין־השמשותדיקן פרייטיק פאַרנאַכט ביז היינט, זענען געווען יאָרן פון ערשטע אומזיכערע טריט. מיר האָבן אין יענע שווערע טעג נישט פאַרמאָגט קיין סך מער ווי די אוראַלטע ירושה פון נבואהשן פּאַטאָס, דעם גייסט פון חלוצישער העזה און מסירת נפש און די ערשטע מעשים פון ברייטער ברידערלעכער יידישער סאָלידאַריטעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן אויף דער וועלט. פון אָט דעם אַלעמען איניינעם איז אויסגעוואַקסן, אין טעג און נעכט פון אַנטשיידונג, דער אימפּאָזאַנטער יידישער כוח, וואָס האָט מיט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג אויפגעשטעלט די יידישע מדינה.

*****

די ערשטע זיבן יאָר פון מדינת ישראל זענען געווען איין האַרטער געראַנגל פאַר קיום. רייסט זיך פון אַלע עקן וועלט אַ ברויזנדיקער שטראָם פון מאַסן־עליה, וואָס האָט איבער נאַכט אויסגעליידיקט גאַנצע גלותן און זיי אַריבערגעוואָרפן קיין ישראל. — שרייט די יידישע וועלט: אַריינגעמען וואָס מער יידן און וואָס גיכער — יאָ־צוגעגרייט, צי נישט. קומען אָן טאָג פאַר טאָג שיפן און עראָפּלאַנען פון מזרח און פון מערב; גאַנצע יידישע קהלות פון אַזיע און פון אַפריקע און רעשטלעך פון קרעמאַטאָריעס מיט בראַנד־ריח אין די ביינער. שרייט די יידישע וועלט: אַריינגעמען! פרעגט נישט! האָט די פּאַניק פון אַנטלויפן אַרויסגערופן אויף אונדזער זייט אַ פּאַניק פון אַריינגעמען מיט אָפענע הערצער, אַלץ און אַלעמען. זענען אויסגעוואַקסן איבער נאַכט מיט דעם אימפּעט און כאַאָס פון פּיקוח־נפש, הונדערטער און טויזנטער געצעלטן, באַראַקן און בלעכענע שטיבלעך, איבערצובידעווען די שווערע צייט. אַזוי האָבן מיר אימפּראָוויזירט מדינת ישראל.

דאָס זענען געווען די ערשטע יאָרן פון דראַמאַטישן ציוניזם, איבערגעלאָדן מיט תנכישן פּאַטאָס. עס האָט דאַך געקענט זיין, אַז די נבואה פון קיבוץ גלויות זאָל בלייבן אויף אייניקע יאָרן אַ פּסוק צווישן פּסוקים און עלטערן זיך אין דער בעסטער תנכישער געזעלשאַפט, עלעהיי וגר זאב עם כבש — דער וואָלף איז שטענדיק גרייט צו דער אידיליע. אָבער אָך און ווי צו דעם שעפּעלע! — האָבן מיר אין ישראל צוגערוקט די הימלדיקע פּסוקים נענטער צו דער שווערער ערד. אוודאי קענען זיי נישט פּאַרלאַנגען, די פּסוקים, עס זאָל זיי גיין אין אונדזער ראַנגלדיקער, צעוויטיקטער ערד אַזוי גוט ווי אין דעם לויטערן אור־גלאַנץ פון תנ״ך. דאָרט איז אידילישער. דאָ אָבער האָט קיבוץ גלויות צו טון מיט הונדערטער טויזנטער ייִדן, וואָס דאַרפן ערשט אַרויס פון לעבנס־פּחד, וואָס ליגט זיי טיף אין די ביינער. איידער זיי וועלן זיך אַוועקשטעלן אויף די פּיס און זיך ווידער באַפריינדן מיטן לעבן, דאָס איז נישט לייכט. אָבער מיר אַלע פילן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז דאָס איז בראשיתדיקער תוהו ובוהו, איידער עס וועט ליכטיק ווערן אין אונדזער וועלט.

און איצט שטייען מיר אין אַכטן יאָר מדינת ישראל און דער אימפּעטיקער לאָזונג „קיבוץ גלויות״ האָט דערווייל געמאַכט פּלאַץ פאַר דעם נייעם לעבנס־רוף: „פּיתוח״ — פּלאַנירן און אַנטוויקלען דאָס לאַנד. די אימפּראָוויזאַציע ענדיקט זיך. מיר האַלטן אינמיטן קאָנסאָלידירן די באַלעבאַטישקייט פון לאַנד און אַריינבערענגען אַ טאַלק אין דעם צו־גיכן שטורעמדיקן וואַקסן. מען קען נישט צו־לאַנג אָנהאַלטן די שפּאַנונג פון געדראַנג און איילעניש און נסים. אונדזערע יאָרן זענען איבער־געלאָדן מיט דראַמאַטיק, וואָס נאָרמאַל וואָלט מען מיט איר באַטיילט גאַנצע דורות. אינמיטן דער צעקאַליעטשעטער וועלט, וואָס שלעפּט זיך מיט די לעצטע כוחות אַלעמאָל צו נייע אַוואַנטורעס און לייגט איצט אַוועק פעסטע יסודות פאַר איר געזיכערטן אונטערגאַנג — שטייען מיר און בויען אונדזער היים אין ישראל. מיר האַלטן אינמיטן בנין און צום דאַך איז נאָך אַלץ ווייט — אָבער עס מיִען זיך ערלעכע, געטרייע הענט אין אַלע ווינקעלעך און איר פילט דעם הייסן אָטעם פון פיבערדיקער אַרבעט אויף אַלע זייטן: ווירטשאַפטלעך, מיליטעריש, קולטורעל. מיר באַמיִען זיך צו פאַרפונדעווען די יסודות פון דער מדינה אינדרויסן און אינעווייניק, אין דער „אונאָ״ און אין דער כנסת, אויף די פעלדער און אין די פאַבריקן, אין שולעס און וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריעס און אין לעצטן גרענעץ־דערפל אין די בערג אָדער אין מדבר. און יאָגנדיקערהייט מוזן מיר נאָך זיין קלוג אויך — דאָס איז גאָר נישט פון די לייכטע זאַכן — אָבער אָן חכמה, אין ברייטסטן און העכסטן זין פון וואָרט, וועלן מיר נישט אויסקומען. מיר מוזן שאַפן און אָנזאַמלען אַ סך כוחות אין אונדזער לאַנד, וואָס זאָל אימפּאָנירן, אָבער דערביי קיינעם נישט פּראָ־וואָצירן. אַ שווערע אויפגאַבע, אוודאי שווער — אָבער לייכט איז אייגנטלעך גאָר אונטערצוגייען. ווען מיר האָבן געהאַלטן דערביי, אין די שוואַרצע טעג פון אומקום,

מ. גראָס־צימערמאַן

האָט זיך די גאַנצע וועלט געגרייט מיט מיסטישן ציטער צו דעם מוסטער־ספּעק־טאַקל פון אונדזער אימפּאָזאַנטן אומגליק, וואָס איז מיט זיין שלמות „קאָנקורענצ־לאָז" אין דער געשיכטע. אויך די חסידי אומות העולם, אײדעלע צער־בעלי־חיימניקעס, וואָס לעבן אויף אַ שטרענגער נשמה־דיעטע, סאַמע געהויבענע פיינ־שמעקערס פון יענעמס יסורים, זענען געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ ביי אונדזער שיינעם בראָך און באַוואונדערט דעם האַרמאָנישן פּראַכט־עלנט און די קלאַסישע יידישע אָריגינאַל־נויט, וואָס האָט נישט אירס גלייכן אויף דער וועלט. די עסטעטן האָבן פיינט פּראָסטאַקישע צרות, אָן סטיל, און זייער חוש פאַר שיינקייט ווערט אויפגעציטערט פון דער ריינקייט פון יידישן גורל. האָט זיך איינגעשטעלט מיט דער צייט אַ ראַציאָנעלע צעטיילונג פון די פונקציעס צווישן אונדז און דער וועלט: „סימפּאַטיע" גיט זי; — מיר פון אונדזער זייט דאַרפן נאָר זיין אומגליקלעך.

האָבן מיר זיך מיישב געווען: מוחל! מיר, אין ישראל, אַביסל פאַרפּראָסטעוועט, ווילן גאַנץ פּשוט זיין גליקלעך. דאָס איז אוודאי נישט אַזוי אָריגינעל — אָבער ס׳איז גוט פאַר יידן. אפשר זענען געוויסע פריינט פון יידישן גורל אַנטוישט, וואָס מיר האָבן פאַראוואַצירט די געשיכטע און פאַרקירעוועט אונדזער לעבן באַרג־אַרויף, מיט שטורעם אין פּנים, פאַרראַטן די פאַרהייליקטע טראַדיציע פון פאַלן וואָס אַמאָל טיפער צום אָפּגרונט. איך ווייס אויך נישט, וואָס וועט טון די מענטשהייט מיט איר געלייטערטן רחמנות. עס וועט איר אויספעלן יידישע פאַרצווייפלונג, וואָס איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער וועלט־האַרמאָניע. מילא, זאָלן דאָס אויך זיין דער וועלטס דאגות. ווידער ווייס איך נישט,צי זענען מיר יידן אַ וועלט־פאָלק און מיט וואָס, — נאָר אויב יאָ, וועלן מיר שוין זיין אַ וועלט־פאָלק דאָ, אינדערהיים, נישט ביי יענעם: אַ גרויס פאָלק אין אַ קליין לאַנד. דאָס איז אַ געוואַלדיקע היס־טאָרישע העזה. דאָס איז אונדזער חשבון אין יום העצמאות.

# אַנטי־מדבר

פאַרבראַכט עטלעכע שעה אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג „כיבוש השממה", וואָס קומט פאָר אין ירושלים. בין איך אַ היפּש ביסל פאַרמאַטערט געוואָרן פון אַזאַ געדיכטעניש פון אַקטיווער מדבר־וויסנשאַפט און באַלערנדיקע עקספּאָנאַטן, און פון די אַלוועלטלעכע אָבסערוואַטאָרן, וואָס זענען נישט ווייניקער באַלערנדיק. גייען טויזנטער מענטשן פון איין פּאַוויליאָן צום אַנדערן. טוריסטן מיט לאָרנעטעס און פּאַכלייט; יידן און נישט־יידן; מענטשן, וואָס זענען געקומען לערנען, און אַנדערע, וואָס ווילן „קוקן" און טאָרן נישט פעלן ביי קיין שום פּרעמיערע" פון דעם אינטערעסאַנטן וועלט־תוהו ובוהו: קונסט, ספּאָרט, ערדציטערניש, אָקסן־קאַמף און צער בעלי חיים. איך זע דאָ פּראָפעסאָרן פון אַמעריקע, אַפריקע, אויס־טראַליע, אינדיע; טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער, פאַרשידענע וועלט־וואָגלערס, וואָס האָבן אין זייער לעבן אויסגעמאָסטן ימים און יבשות פון וויסטעניש, עקס־פּערטן פון וואַסער, וואָס איז נישטאָ, און וואָס זיין טריקעניש פאַרמאָגט אין יעדן מדבר אַן אַנדער ניואַנס פון מאַנגל. איך זע וועלט־באַרימטע ספּעציאַליסטן פון דעם צעגליטן הימלשווייגנדיקן גאָרנישט, וואָס האַלט פאַרקלעמט אין זיין רשות אַן אומענדלעך שטיק וועלט — און ווידער סתם „ליבהאָבערס" פון מדבר. שטייט מיר פאַר די אויגן איינער אַן עלעגאַנטער זקן, אַ וועלט־קאָלעקציאָנער, וואָס זאַמלט אַלע שאַטירונגען פון מדבר־געל און גרוי, כדי צו קאָמפּלעטירן זיין מוזיי פון קאָסמישן אומגליק: אַ נאַשער. דער מאַן איז ווייס און שלאַנק און „בעט זיך" זיין אַ לאָרד. אין זיין באַגלייטונג געפינט זיך אַ יונגע פרוי, מידע שיינהייט־קעניגן אויף אורלויב, וואָס אויף אירע רייזעס איז זי ווידער פאַראינטערעסירט אין „פאַרצווייפלטער מענטשהייט". פון אָט דעם עקספּאָנאַט האָט זי קיינמאָל נישט גענוג — און ער, דער פאַרליבטער לאָרד, זשאַלעוועט נישט: יעדער מיט זיין שוואַכקייט.

זענען זיי אויך געקומען צו דער אַנטי־מדבר־אויסשטעלונג, זען וואָס מ'קען אויפטון. פאַראַנען לענדער, ווו דער מדבר האָט זיך געוואַלדיק צעשפּרייט און אויפגעצערט ביז אַכציק פּראָצענט פון זייער שטח. האָבן זיך איצט געלערנטע

פאַרנומען אויף אים מיט „חכמה“ און ווילן ביי אים אַרויסרייסן דעם בייזן סוד. וויסנשאַפט איז האָפערדיק און האַלט נישט פון קיין מיסטעריעס — און אפילו מיטן גורל אַליין, מיינט זי, קען מען זיך אויך אַן עצה געבן: מען דאַרף נאָר קענען.

די מענטשהייט וואַקסט יאָר פאַר יאָר מיט שווערע מיליאָנען נפשות, וואָס ווילן אַלע לעבן און האָבן נישט ווו און פון וואַנען. די ענגשאַפט ווערט אַלץ געדיכטער און געפערלעכער, דאָס עלנטקייט אַלץ האָפנונגסלאָזער — און דאָ האַלט די ערד, ווי אויף צו להכעיס, אַזאַ ריזיקן רעזערוו מיט פּאָטענציעלן לעבנסרוים, וואָס אין זיינע טיפענישן זענען מסתמא פאַרבאָרגן אוצרות, פון וועלכע הונדערטער מיליאָנען מענטשן קענען האָבן ברויט און אַביסל גליק. אויף ווען באַהאַלט מען די אוצרות? איז טאַקע די העכסטע צייט זיך אָ נעם צו טון צו דעם דאָזיקן טונקעלן, ווייס־גליִענדיקן קאָנטינענט און עפענען זיינע פאַרזיגלטע לעבנס־קוואַלן.

און אפשר איז דאָס סימבאָליש, וואָס די דאָזיקע אַנטי־מדבר־אויסשטעלונג קומט פאָר ביי אונדז אין ירושלים, אין די נאָך נישט פאַרענדיקטע בניני האומה. אָט דאָ באַלד הינטער די אימפּאָזאַנטע נאַציאָנאַלע בנינים, ווו די אויסשטעלונג איז איינגעאָרדנט, ביי די טויערן פון ירושלים און אַרום איר, נישט ווייט פון דער גרענעץ, קרישלט זיך גרוי אין גרוי אָ וועלט מיט בראָכוואַרג פון מענטשהייט־געשיכטע. און נאָך ווייטער אַביסל, הינטער די פּלייצעס, שפּרייט זיך שרעקעוודיק דער אומבאַקאַנטער לײדיקער קאָנטינענט, וואָס שרפעט שוין ווער ווייסט וויפל טויזנטער יאָרן מיט בייזער דאַרעניש: אָ וויסטע אומענדלעכקייט פון ווייס צעגליטן זאַמד, אָן אָ מענטש, אָן וואַסער, אָן שאָטן — דאָס מלכות פון פייערדיקן גאָרנישט.

מיר אין ישראל, קען מען זאָגן, זענען פּראַקטישע אויטאָריטעטן אין מדבר־ענינים. מיר באַגעגענען זיך ווידער מיטן מדבר. לאַנדשאַפט און גייסט, אויג אויף אויג — און דאַכט זיך, מיר האָבן זיך דערקענט, איינס דאָס אַנדערע, נאָך אָ דער־ווייטערונג פון יאָר־טויזנטער, און קען זיין: מיר האַלטן דערביי צו שליסן אָ נייעם בונד, ווי אַמאָל ביים באַרג סיני. אָט בין איך נישט ווייט הינטער ירושלים: האָט זיך דאָ געדרייט אַמאָל, מיט אָ פּאָר טויזנט יאָר צוריק, ירמיהו הנביא אין אָ טליתדיקן בורנוס, מיט אַש אויפן קאָפּ, געקלאָגט אויפן חורבן און געשטראָפט דאָס פאָלק — היינט טראָגט זיך דאָ דער פּאַטאָס פון אַרבעט, פון אויפטוערישער פרייד. פרעגט אונדזערס אָ ייִנגל אין איינעם פון די פונקטן פון נגב: פטיש, מפלסים, מבטחים, רביבים, כפר אוריה, עין גדי — דערוויל נישט מער ווי איינזאַמע פונקטן — און קוקט זיך צו צו דעם אייגענעם ייִנגל צווישן די מדבר־שטיינער אין גליל און אין קאָרידאָר פון ירושלים: פרעגט ביי אים און לאָזט די פּראָפעסאָרן! די געלערנטע האָבן אַוודאי די בעסטע כוונות און סיסטעמען קעגן מדבר, אָבער פלאַנצן און באַשיצן לעבעדיקע ייִדישע דערפער אין מדבר, לענגאויס אונדזערע געפערלעכע גרענעצן, זאָרגן אין מדבר פאַר וואַסער און גרינס און קינדערלעך און

פרייד: דאָס אַלץ טוען אונדזערע ייִנגלעך פון יאַס און יאָהאַנעסבורג, מיידאַנעק און אוישוויץ, ווילנע, פּראָג און סאַן פּאולאָ און מיט זיי אינאיינעם סתם ייִדן, אָן אַ חלוצישער פּאַרגאַנגענהייט, נייע עולים פון טריפּאָלי און בבל, פון מאַראָקאָ און תימן, אָנגעפירט פון קליינע צאַבּרישע קאַדרעס פון נהלל און כפר ויתקין, דגניה און כפר יחזקאל און אַנדערע. ווייניק טעאָריע, אָבער פולע הערצער ליבשאַפט און מסירת נפש.

⁂

וועגן אָט די נייע, פּרייווילליקע קאַדרעס פון היגע קיבוצים און קבוצות און מושבים דאַרף מען נאָך עפּעס דערציילן. מיט אַ צייט צוריק זענען פינף יונגע לייט פון די דערמאָנטע דערפער פאַרבעטן געוואָרן אויף אַ שמועס קיין שדה בוקר. דעם בריוו האָט זיי איבערגעגעבן משה דיין, דער שעף פון ישראלס גענעראַל־שטאַב, אַליין אַ זון פון נהלל. „זיבן שעה" — דערציילט איינער פון די יונגע־לייט — „זענען מיר געפאָרן צו דעם שמועס קיין שדה בוקר, און בלויז פון דעם לאַנגן מדברדיקן וועג אַהין האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן, וואָס פאַר אַ מין שמועס עס וואַרט אויף אונדז". גערעדט האָט צו די יונגע לייט איינער מיט אַ ווייסן קאָפּ, די אויגן אָנגעצונדן פון מדבר־שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט יענעם טאָג. ער האָט גערעדט מיט אָפנקייט וועגן דער אכזריותדיקער לאַגע פון דער מדינה, וואָס איר גרעסטער טייל איז וויסט און ליידיק פון מענטשן און וואָס איר פיזישער קיום איז צוליב דעם אין שטענדיקער סכנה... „לעבן אין דער איינגעפונדעוועטער, געזיכערטער נהלל און כפר ויתקין — דערצו מוז מען קיין חלוץ נישט זיין. גייט אַרויס אין נגב און זייט דאָרט חלוצים! העלפט דאָרט מלחמה האַלטן מיטן מדבר, דעם פאַרביסענעם שונא! העלפט די נייע עולים פון תימן, בבל, מאַראָקאָ, קורדיסטאַן, וואָס מאַטערן זיך אָן כוח, אָן דערפאַרונג אויף דער שווערער ערד פון די גרענעצן. זיי באַהערשן נישט די אַרבעט און נישט די שמירה — און דער ערטער שטורעם קען זיי צעברעכן, אויסרייסן און אַוועקיאָגן; העלפט זיי מיט אייער חלוצישן גייסט, מיט אייער טעכנישן כוח, מיט אייער אָרגאַניזאַטאָרישער געניטקייט אויפשטעלן און פאַרפונדעווען פּרוכפּערדיקע ייִדישע ווירטשאַפטן אויף די גרענעצן, וואָס וועלן געבן פּרנסה די קאָלאָניעס און זיין אַ שוץ פאַרן גאַנצן לאַנד..."

דאָס איז געווען דער קלאָרער פּאָסטולאַט פון דעם מאַן אין שדה בוקר: רענעסאַנס פון חלוצישן אידעאַל. דער שמועס האָט געדויערט צוויי שעה. די יונגע לייט זענען צעשרויפט געוואָרן פון דעם אָפענעם, דירעקטן צוגאַנג צו אַן אָנגעווייטיקטן לעבנס־פּראָבלעם פון דער מדינה. זיי האָבן געפּרוּווט ענטפערן, זיך פאַרענטפערן: „...די באַלעבאַטישקייט אינדערהיים וועט בלייבן הפקר... דער פאָטער איז אַלט געוואָרן, געפאַלן פון די כוחות, האָט נישט די קראַפט מער צו טראָגן דעם עול... אַ

ברודער איז געפאַלן אין באַפרייונג־מלחמה... אויף וועמען וועט מען לאָזן דאָס אַלץ, וואָס איז משך פון צענדליקער יאָרן אויפגעבויט געוואָרן מיט שווערער האָרעוואַניע? און די קינדערלעך, אייניקלעך פון נהלל, כפר יחזקאל, כפר ויתקין — ווי קען מען דאָס אַלץ איבערלאָזן און גיין אין נגב...?" האָט דער מאַן פון שדה בוקר נישט אָפגעלאָזט: „נעמט צו מענטשן, וואָס זאָלן פירן אייערווירטשאַפט, און איר אַליין פאַרנעמט אייערע פרויען און קינדערלעך און אַלץ וואָס איר קענט מיטנעמען, און גייט אַרויס אויף צוויי יאָר דינסט אין נגב, אין גליל, אין ירושלימער קאָרידאָר, לעבט ווי חלוצים, זייט ווידער אַ מוסטער, ווי אַמאָל אייערע עלטערן, און העלפט די נייע עולים, געוועזענע שטאָטישע לומפּן־פּראָלעטאַריער, לעבן אויף זייער אייגענער ערד ווי חלוצים פון ישראל..."

וואָלט דוד בן גוריון געוועז גערופן די יונגע לייט קיין ירושלים אָדער קיין תל אביב — ווער ווייסט צי זיי וואָלטן זיין רוף דערהערט. אָבער דער קול פון שדה בוקר האָט זיי באַצוווּנגען. זיי זענען געקומען מיט די פרויען און קינדער. קודם געציילטע, דערנאָך צענדליקער, דערנאָך עטלעכע הונדערט, האָבן פאַרלאָזט אַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרט און זיך מיט חלוצישער מסירת נפש צוגעפּאַסט דערווייל צו אַ נידעריקן. זיי מאַטערן זיך אַליין ווי נייע עולים, אַרבעטן און פאַרברענגען אינאיינעם מיט זיי, לייגן אַריין אין דער אַרבעט איניציאַטיוו און דערפאַרונג, דערמוטיגן און רייסן־מיט די אָפּגעלאָזענע, לערנען די מענטשן האַלטן אַן אַקער און אַ ביקס, לערנען די פרויען קאָרמען די קינדער און פּאַשען די ציגן און האַלטן ריין דאָס שטיבל און דעם שטאַל, זאָרגן פאַר פאַרבינדונג מיט דער שטאָט, פאַר ליכט און פאַר וואַסער, פאַר דערציִונג פון די קינדער, און נאָך אַ וואָך שווערער האָרעוואַניע מאַכט מען אינאיינעם שבת: דאָס גאַנצע דאָרף איין משפּחה, וואָס מאַכט די ערשטע ערלעכע טריט, מקיים צו זיין אויף אַן אמת די מצווה פון קיבוץ גלויות. דאָס הייסט ביי אונדז דעראָבערונג פון מדבר.

**
*

אין איינעם אַן אַלטן פּרדס פון רחובות, שטיל און ווייט אָפּגערוקט פון רעש פון דער שטאָט, געפינט זיך דאָס אַקאַדעמישע שטעטל פון וויצמאַן־אינסטיטוט, ווו עס זיצן יידישע געלערנטע, פיזיקער, געאָלאָגן, ביאָלאָגן און אַנדערע פאָרשער, און אַרבעטן אויף דער תורה פון דער נאַטור. זיי באַמיִען זיך צו אַנטפּלעקן אירע סודות. פאַרצייטנס פלעגן מקובלים, מיסטישע נאַטור־פאָרשער, זוכן אויף זייערע דרכים, צו דערגיין צום סוד פון באַשאַף. וואָרום אַז ער האָט עפּעס אויסבאַהאַלטן פאַר אונדז, און אפשר דאָס סאַמע וויכטיקסטע, איז פאַר קיינעם קיין ספק נישט: וואָס־זשע, דאָס זאָל טאַקע זיין די גאַנצע ליכטיקע וועלט, וועגן וועלכער דער

דבוש'ע אַליין האָט מיט אַזאַ התפּעלות אויסגערופן אין די ערשטע טעג: „כּי טוב!" — אַזאַ מציאה איז זי, די וועלט אונדזערע? מוז דאָך זיין, אַז דער עיקר פּעלט דאָ צום מענטשלעכן גליק און אַז דער הויפּט־סוד דאַרף ערשט אַנטפּלעקט ווערן, כּדי אַרויסצוקריגן די ברכה פון דער קאַפּריזנער נאַטור. די וועלט האָט דערווייל נאָך נישט קיין ממשותדיקע דערפאַרונג וועגן די קאָנסטרוקטיווע מעגלעכקייטן, וואָס ליגן אין דער אַטאָם־ענערגיע — אָבער מיר ייִדן אין ישראל, וואָס האָבן מיר אויפגעטון אין אונדזער לאַנד אָן אַטאָם־ענערגיע! ווי אַזוי האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אַן עצה געגעבן מיט בייזע, פאַרקלעמטע טויט־ראַיאָנען פון מדבר, וואָס האָבן פיינט דאָס לעבן און דעם מענטש, ווי אַזוי האָבן מיר געבראַכן איר איינגעשפּאַרטקייט מיט איבערמענטשלעכער מי און ליבשאַפט? דאָס איז געווען נישט קיין טעכנישע רעוואָלוציע, אָבער אַוודאי אַ רעוואָלוציע פון דער ייִדישער נשמה — און מסתמא וועלן מיר די נשמה נאָך דאַרפן, כּדי נענטער צו קומען צו די סודות פון דער נאַטור. צי איז דאָס נישט קאַמף מיטן מדבר?



און אפשר קען מען עפּעס לערנען פון אונדזער קאָנפליקט מיט סיריע אַרום דער אויסטריקענונג פון די חולה־זומפּן ביי דער גרענעץ? מיר לייגן אַריין די בעסטע כּוחות, וואָס מיר פאַרמאָגן: מענטשן, מאַטעריאַל, אַרבעט, כּדי צו בויען שטעט און דערפער, קולטור און ווילשטאַנד און שאַפן לעבן אויף דער דאָזיקער קראַנקער ערד. צווישן די אַראַבישע פּירערס אָבער זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען פאַרליבט אין זומפּ, אין מדבר, אין פוילקייט— קומען זיי מיט טענות, אַז קולטור און ציוויליזאַציע אויף אונדזער זייט שעדיקן זייערע מדבר־אינטערעסן אויף יענער זייט גרענעץ. און עס געפינען זיך אַפילו נייטראַלע אָבסערוואַטאָרן, וואָס ביי זייער אויפריכטיקסטן שטרעבן צו זיין אָביעקטיוו, קענען זיי פאַרט נישט תּופס זיין, וואָס ייִדן רייסן זיך אַזוי „נערוועז" און ווילן דווקא לעבן.

אין איינעם פון די צערודערטע טעג אַרום חולה איז דוד בן גוריון געקומען אַ קוק טון צו די אַרבעטן ביים ירדן און האָט זיך דאָרט צופעליק געטראָפן מיט דעם יונגן אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר לעאָנאַרד בערנשטיין. טאַראַראַמעווען שווערע בולדאָזערס און עס גראַגערן קראַנען און קאָמפּרעסאָרן און פאַרהילכן די סביבה. זאָגט בן גוריון צו דעם מוזיקער: „וואָס זאָגסטו, מייסטער, צו דער דאָזיקער סימפאָניע?" דאָס איז ישראלס אָריגינעלע סימפאָניע: געזאַנג פון צעגראָבענער ערד, פון אויסגעריסענע פעלזן, פון וואַסער־שליוזן, וואָס ברויזן אין מדבר, געזאַנג פון ערלעכער מענטשלעכער האַרמאָניע, פון אויפגעוואַכטן ייִדישן לעבנס־כּוח".

אוודאי, אַראַבער קענען זיך פאַרגינען צו זיין נישט אַזוי „נערוועז״. זיי פאַר־מאָגן אַ סך ערד און אַ סך צייט, אַ סך מדבריות און סך נאַטור־אוצרות און זייערע עפּענדיס און פּאַשאַס האָבן צוגעוווינט די שטומע מאַסן צו פּלאָדזשען זיך דאָס גאַנצע לעבן אין אומוויסנהייט. שלומפּערס, טראַכאָמע, פינצטערעליימענע כאַטעס, וואָס קרישלען זיך מער ווי זיי שטייען. אויף צו הונגערן, קרענקען, וועגעטירן און גיין צו גרונט אָן אַ פּאַרוואָס — איז גענוג דער מדבר. צו דעם צוועק אַליין דאַרף מען נישט גראָבן, נישט אַקערן, נישט בויען, נישט זוכן קיין וואַסער. דערפאַר קוקן זיי מיט חשד אויף יעדן פּיאָנערישן אויפטו אין קאַמף מיט דער נאַטור. דער־פאַר זענען זיי ברוגז, וואָס מיר, אומרויקע ייִדן, צערודערן דעם דאָזיקן פאַר־שלאָפענעם וועלט־ווינקל מיט לעבנס־טעמפּאָ, מיט מענטשלעכער ענערגיע און דינאַמיק.

אַנשטאָט קעמלען און הילצערנע אַקערס פון ישמעאלס צייטן מוזן מיר באַנוצן מאָדערנע טעכנישע אַרבעט־מיטלען. מיר מוזן גיך וואַקסן, כדי איינצובירעכענען פאַרלוירענע יאָרטויזנטערס. איז די עצה פאַר זיך אַליין: נישט שרעקן זיך פאַר דראָוגנגען און קיינעם נישט פּראָוואָצירן. מיר האָבן גענוג צו טון מיט זיך און פאַר זיך אַליין, אין שטאָט און אין דאָרף, אין די בערג און ביים ים. אין אַ גרויסע מדבר פון נאַקעטע פעלזן הויבן אָן גרינען יונגע וועלדלעך, האָבן זיך עפּעס ווי אַליין נישט געריכט אויף אַזאַ העזה, ציטערן פון פריידיקער איבעראַשונג, און געלע זאַמדן פון נעכטן דערקוויקן היינט דאָס אויג מיט זאַפטיקער פרישקייט. דאָס הייסט ביי אונדז דעראָבערונג פון מדבר. האָבן זיך געענדיקט די ווייִנטרויבן, קו־מען אַרויס גילדענע מאַראַנצן און בלישטשען צווישן די צווייגן. און דאָס אייגענע טוען אַנדערע פּירות: מאַנדאַרינעס, אתרוגים, גרייפּפרוכטן און מען „רייסט זיך״ אין וואַקסן, פּרילינג און זומער און אינגאַנצן קעגן לוח. אין סאַמע מיטן פון די קאַלטע פלייציקע רעגנס, ווען עס לאָזן זיך אַראָפּ פון הימל גאַנצע וועלדער וואַ־סער און פאַרטונקלען דאָס לאַנד אויף טעג און וואָכן, צעוואַרעמט זיך מיט אַמאָל אַ יונגע פריילעכע זון, וואָס ווייסט גאָרנישט פון דעם אַלעם און צעשיט גאָלד אויף די בערג און אויף די טאָלן. דאָס איז נאַטור אין ישראל און מסתמא איז דאָס געווען דער אור־פּלאַן אין די ששת ימי בראשית, איידער די ערד איז קאַליע געוואָרן. האָט זיך דעמאָלט כביכול אַרויסגעכאַפּט מיט דעם אָפּטימיסטישן זאָג, אַז די וועלט איז שיין — האָבן מענטשן טענות צו אים און מאַנען די צוגעזאָגטע גליקן. גיי־זשע פיר חשבונות: ס׳איז אַ ריזיקאַלישע זאַך.

אָבער אַזוי צי אַזוי: אויף די פעלדער אונדזערע מעגט איר זיך פאַרלאָזן. פאַראַנען אַזעלכע, ווו עס בליט און וואַקסט אַ גאַנץ גייענדיק יאָר, כמעט אָן הפסקות. וואָס טויגן הפסקות, אַז געוויאַנעט און געטריקנט האָבן מיר גענוג לאַנג צווישן

גויִים! די נאַטור אין ישראל פאַרמאָגט אוצרות, וואָס זענען ביז איצט געווען באַהאַלטן — און איצט ווייסן מיר, אַז מען דאַרף זיך נאָר גוט איינבייגן און אויפהייבן דאָס באַהאַלטענע. אַמאָל מוז מען זיך איינבייגן שטאַרק טיף, אָבער אויפגעהויבן זיך, האָסטו פולע הענט מיט ברכה. דאָס איז דער קאַפּריז פון מדבר. זענען געקומען ייִנגלעך, אָפּט מיט ליידיקע הענט און מיט פולע הערצער, און האָבן געכאַפּט דעם סוד פון ערשטן ציטערדיקן דרענגל אין אַ מדבר־געצעלט, וואָס דאַרף ווערן אַ שטוב, פון ערשטן טראָפּן וואַסער, אַרויסגעצוווּנגען ־ אַרויסגעזונגען פון פאַרעקשנטע טיפענישן, פון ערשטן אומזיכערן גרעזל, וואָס לערנט זיך ערשט שפּראָצן און ווייסט נאָך אַליין נישט, יאָ צי ניין, פון ערשטן קינדערישן שמייכל, וואָס האָט געשאַפן ליכט און פרייד אין דער דאָזיקער פאַרלאָזענער, פאַרגעסענער וועלט: מדבר פון נעכטן.

אין מדבריות פון שטיין און זאַמד און זומפּן, ברענענדיקע דערנער און שטעכיקער ליידיקייט וואַקסן אויס איבערן גאַנצן לאַנד לעבעדיקע צענטערס פון אַרבעט און קולטור, וואָס גיבן ברויט דעם פאָלק און גאַרטלען אַרום די מדינה מיט נייע פעלדער און פאַבריקן, מיט פרישע ברונימער און יונגע וועלדער. אויף יעדן שפּאַן ערד אין ישראל שרייט קאָלעקטיווער פּאַטאָס פון איבערמענטשלעכע מעשים, וואָס צווינגען די פאַרלאָזענע ערד אַרויסצוגעבן אירע אוצרות. דאָס פאָלק האָט אַ גוטן זכרון און געדענקט טיף אין זיין בלוט, אַז דאָ, אין דער שווערער ערד, איז באַהאַלטן די ברכה: זענען מיר געקומען אָפּנעמען.

איך האָב נישט לאַנג געזען די פעלדער ברוין און ווייך צעגראָבן, מיט אַ לייכטער זילבערדיק־וואַרעמער פאַרע. שניידן זיך טראַקטאָרן אויף פעלד־סטעזשקעס און דריבנע פערדלעך און שווערע אָקסן צעברעקלען גרודעס ערד. זעט איר נעבן די ייִנגלעך געניטע לאַנדווירטן פון קיבוצים און מושבים, חלוצים בני חלוצים, זעט איר נייע עולים, וואָס שטעלן נאָך די ערשטע טריט אויף די פעלדער: געוועזענע סוחרים, מעקלערס, בוכהאַלטערס, מלמדים, וואָס דער אַקער ציטערט נאָך אין זייערע הענט. איר זעט צווישן זיי קרעפּטיקע, ביינערדיקע ייִדן, וואָס רוקן זיך איבער די בייטן, שווער און פּאַמעלעך, און ווידער אַנדערע, קליינע, פלינקע, וואָס פליִען איבער די גרודעס ווי אויסטערלישע פעלד־ווינטן — און איבער זיי אַלעמען די זון, וואָס בענטשט די ווייכע טיפענישן פון דער גלוסטיק־צעעפנטער ערד. דאָס איז אַוודאי קאַמף מיטן מדבר.

# אויך דאָס איז ירושלים

אַוודאי וואָלט געווען אַ יושר צו רעדן אַמאָל וועגן ירושלים אָן פאַטאָס און ראָמאַנטיק, אָן קדושה און קבלה, אָן דוד המלך און כותל מערבי — נו, קען מען דען? אַוודאי איז פאַראַן אויך אַ וואָכעדיקע שטאָט ירושלים, וואָס רייסט זיך פשוט לעבן און וואַקסן — מיט אַזאַ לאַנגער גורלדיקער פאַרשפעטיקונג — אַ שטאָט, וואָס ברעכט זיך שווער אַרויס פון אוראַלטן תנ״כישן שטיין און פון געקאָוועטע טויערן מיט אייזערנע ריגלען, אויף וועלכע עס זשאַווערן יאָרטויזנטער; אַ שטאָט, וואָס שניידט זיך אויף אַ האַרט לעבן פון אַרבעט און קאַמף פאַר קיום, שטעלט ערשטע אומזיכערע טריט מיט פאַבריקלעך, וואָס „דערלייגן געלט", מיט וואַרשטאַטן, וואָס קאָרטשען זיך אין טוכלע קעלערס; מיט אַרבעטער, וואָס טריקענען אויף רושטעוואַניעס אין בראָטנדיקע חאַמסינען, מיט קרעמערס פון אַלטן ישוב, וואָס פוסטעווען צווישן ליידיקע פאָליצעס און צופן נאָך אַלץ, אָן אַ טאָלק די לאַנגע אויסגעצופטע דאגות פרנסה־בערלעך. אַוודאי קען מען נישט פאַרגעסן די גאַנצע דינאַסטיעס אַלטגעזעסענע ירושלימער קבצנים, פעדאַלע אביונים מיט קלאַסן־שטאָלץ, וואָס לאָזן נישט אַריין אין זייער עקסקלוסיוויטעט קיין שלימזלען אָן סטאַזש, נאָר קולטיווירן פון דור דורות אַ מין מאָלערישן פאַראַדע־דלות פון ייִדן מיט אויסגעאיידלטע צורות, איינגעקלעמטע אין שוואַרצע שטיקער קויל און אין פאַנטאַסטישע גאָלד־ און קופער־געפלעכטן פון האָפערדיקע בערד און פיאות, וואָס וואַקסן ווי זיי ווילן, פרעגן נישט נאָך קיינעם און שפרייטן זיך מיט רחבות אויף צעלאָקשנטע בראָקאַטענע כאַלאַטן און ראַדזיעווולקעס, בעטן נישט קיין נדבות, נאָר „בעמען".

אַוודאי דאַרף מען געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן די ירושלימער אַלטשטאָט, וואָס איז איצט אָפגעשניטן פון ישראלס הויפטשטאָט, דעם כותל מערבי, אָט דאָרט אויף יענער זייט גאַס, נאָענט און פאָרט אַזוי ווייט, דעם געדיכטן פלאָנטער פון טונקעלע, טוכלע, געדרייטע געסלעך, איינגעשטילט אין זייער אייגענעם געפרעסטן ריח פון געווירץ און תהילים, איילבירטן און אַלטע געשטיקטע פרוכתן.

אָט זענען די הויכע געמויערטע שולן מיט אָפּגעגילדטע קופּאָלן און שוואַרץ געוואָרענע שפּיץ־קיילעכיקע טויער־בויגנס, אויסגעבויט פון פּאַרצייטיקע נדבנים. איך זע די בלוי־געקאַלכטע בתי־מדרשים אָנגעשטאָפּט מיט ספרים, וואָס וויאַנען איצט אין די אַלמערס, די ישיבות און יתומים־הייזער מיט געשניצטע טורעמלעך, די מקובלים־שטיבלעך אויף בוידעמער און אונטער דער ערד. פלעגן מיר, אַמאָליקע יאָרן, פאַר ישראלס באַפרייונג־מלחמה, אַרומבלאָנדזשען לאַנגע זילבערדיקע לבנה־נעכט צווישן תנ״כישע טאָלן און היילן, מאַרקפּלעצער און באַזאַרן, און איינהאָרכן זיך אין דעם פאַרקלונגענעם קול פון אונדזערע יאָרטויזנטער, וואָס שווייגן אַרויס אַזוי באַרעדעוודיק פון די שווערע שטיינער.

צי דאַרף איך דען עמיצן דערמאנען, אַז ירושלים איז אַ שטאָט, וואָס האָט נאָך נישט אויסגעהיילט אינגאַנצן אירע ווונדן פון דער לעצטער באַפרייונג־מלחמה, אַ שטאָט וואָס האָט היגטער די פּלייצעס דעם שונא און וואָס פילט זיין אָטעם אין שווייגנדיקע נעכט און זעט פון הויכע בנינים דעם שונאס שטעכיקע בליקן און זיינע אָנגעשטעלטע ביקסן; אַ שטאָט מיט אַ האַרבן פּאָליטישן גורל, וואָס צערייצט פרעמדע אַפּעטיטן און יאָגט אָן אויף איר פון צייט צו צייט אַלוועלטלעכע קדושה־אַגענטן און קאַטוילישע אינטריגע־דאַוונערס, אינטערנאַציאָנאַלע שלום־העצערס און פאַרוואַלטערס פון וועלט־כאַאָס, וואָס ווילן מאַכן פון ירושלים אַ פאַרזעעניש פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן ניי־בבל. אַוודאי און אַוודאי: אויך דאָס אַלץ אינאיינעם איז ירושלים און מען דאַרף וועגן דעם אַלעמען דערציילן.

אָבער איך גיי אַרויס אין די גאַסן פון ירושלים, אָט דאָ באַלד הינטער דער סוכנות און דאָרט אין דער ריכטונג צו דער אַלטשטאָט, און עס שטופּן זיך אַרום מיר, נאָענט און געדיכט, פעלזן און דורות, פאַרשטיינערטע שטיקער יידישע גרויסקייט, פול מיט וואַרעמען איצט, פול מיט באַשטענדיקייט, וואָס הערט נישט אויף, לאַנגער צוג פון לעבעדיקע שאָטנס, אבות, נביאים, מלכים, גבורים, אַלע מיט גלאַנץ אויף די קעפּ, אַלע מיט אַש אויף דעם גלאַנץ, אַלע זענען, דאַכט זיך, דאָ מיט אונדז נאָך פון פאַרזונקענע תנ״כישע טעג, אייביק מיט אונדז אינאיינעם, אין פראַכט און אין טרויער, קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון אונדז: וווהין וועלן זיי דען גיין?

געשיכטע און לאַנדשאַפט מישן זיך, שימערירן אין דעם גרינלעך־גרויעם פּערלמוטער־גלאַנץ פון דער דאָזיקער איינמאָליקער יידישער וועלט־שטאָט. די לאַנדשאַפט דראַפּעט זיך אַרויף, שפּיצט זיך אויף צעריסענע פעלזן, דערלאַנגט הויך און העכער: סטאַטיק, וואָס קען נישט רוען. דאָס איז אַ לאַנדשאַפט אָן חנדלעך און אַוודאי נישט קיין ראָמאַנטיש־געמיטלעכע, נישט קיין אויפפּוץ פאַר עפּעס און נישט אויף עמעצן הנאה צו טון און אים פאַרזיסן די לאַנגווייליקייט. דאָס איז אַ לאַנדשאַפט אַ שטרענגע, אַ מאָנערישע, אַ לאַנדשאַפט פון בונט און גלויבן, פון

געראַנגל מיטן מלאך, פון ווידעראַנאַנד מיטן הימל, פון אויסגעזונגענע קינות און מזמורים, אַ לאַנדשאַפט מיט מוט צו דער אייגענער האַרבקייט, מיט פאַראַכטונג פאַרן פרעמדן באַרבאַרן־גלאַנץ, שווערער הינטערגרונט פאַר דער קליינער רעזידענץ פון אַ גרויס פאָלק: אונדזער ירושלים.

איך גיי אין אָוונט איבער די גאַסן, אין גרינלעכן גלאַנץ פון דער לבנה, וואָס הענגט דאָ נאָך „פון דעמאָלט״. צעשפּילט זיך קילער, געליטערטער אָוונט־גלאַנץ איבער אַן אָרגיע פון שטיין און אַ פּאַנאָראַמע פון טורעמס און טויערן, קופּאָלן, פּאַלאַצן, חורבות און נייע קוואַדראַטישע בנינים. איך פאַרפּלאָנטער זיך צווישן שטילע ווינקלדיקע געסלעך, וואָס טוען פלוצים אַ פאַל אַראָפּ פון ערגעץ, גלייך פון אויבן אַראָפּ, הענגען אין דער לופט, כמעט ווערטיקאַל, און מיט אַמאָל טוט זיך דאָס אַ דריי צווישן אַלטע הייף און טונקעלע טויערן, צעדולן זיך דאָרט און ווילן זיך גאָר אינגאַנצן נישט אַרויסדרייען — אַז עס אַרט זיי נישט די צעמישעניש. די שטאָט איז שטיל און מענטשן טוליען זיך צענויף אין ענגע קאַפּעס, וואָס צעגיסן זיך נישט איבערן גאַס, מעשה תל־אביב. איר זעט מענטשן אין ירושלים, וואָס זענען נאָך גוט באַהאַוונט אין דעם נוסח פון שווייגן, גלייך זיי זענען זיכער, אַז דער עיקר איז סיי ווי שוין געזאָגט געוואָרן, טאַקע דאָ אין ירושלים. געזאָגט און געחתמעט אין גרויעם פּאַרצייטנס מיטן זיגל פון אמת — נישטאָ וואָס מוסיף צו זיין. אפשר האָט דער מאָדערנער שטאָט־רעש אַביסל דרך־ארץ אין ירושלים און האַלט זיך איין — און אפילו די סאָלדאַטן פון צבא הגנה לישראל, וואָס פאַלן אַריין אין פאַרשטויבטע לאַסט־אויטאָס אויף אַ קורצן אורלויב, פון נגב, צי פון ירושלימער קאָרידאָר, מדברדיק פאַרברענטע חברה, באַוואַקסענע מיט שויבערדיקע דווקאַ־בערד ווי פון שטעכיקע דראָטן — אַפילו אָט די צעלאָזענע חברה יונגוואַרג צוימט זיך און בושעוועט בלחש: דאָס איז ירושלים.

ס׳איז נאָכן „סעזאָן״ אין שטאָט. די עולי רגל זענען זיך צעפאָרן און די שטאָט איז אָן זיי נאָך שטילער געוואָרן — אָבער ירושלים האָט אייגנטלעך אַן אייביקן „סעזאָן״. פאַרוואַלגערן זיך אַמאָל אין אַ פשוטן מיטוואָך טוריסטישע חול המועד־ניקעס פון גאָר דער וועלט און אַמאָל היימישע ייִדן פון לאַנד גופא: לערערס מיט זייערע תלמידים, אַרבעטער, בעלי־בתים, קיבוצניקעס מיט „סענטימענטן״, נישט־דערגאַנגענע „גאָטזוכערס״, וואָס ווילן כאַפּן אַ מיסטישן ציטער, און אַפילו געשוווירענע פריידענקער, וואָס האָבן ליב צו לייקענען מיט „אַטמאָספערע״. מחוץ די טויערן פון ירושלים וועט זיי אפשר גאָרנישט איינפאַלן צו זיין אַזוי זיכער, אַז ס׳איז „אינגאַנצן קיין גאָט נישטאָ״ — קומען זיי אַזוי צו זאָגן צו כביכול אַהיים, גלייך קיין ירושלים, און פראַוועון דאָ ספירה אויף דעם הינטערגרונט פון אמונה.

אין איינער פון די קלויזן אין מאה שערים, אין ווייטן ליכט פון פאַרצייטיקע

בליצלאָמפּן וואָס הענגען אַראָפּ אויף אַ ציטערדיקער קייט, געפּלאָכטן פון פליגן, דרימלט אַן אַלטיטשקער איבער געלע פּרוכנע בלעטער פון אַ ספר. זיינע בלעכענע ברילן זענען אַרויפגערוקט הויך אויף דעם טיף־צעאַקערטן שטערן. דער זקן קנייטשט דעם שטערן אויך אין דרימל: אַן עברה צייט... אַזוי איז ער אַ גרויסער אויפטוער, דער אַלטיטשקער, און אַז מ׳דאַרף, ברוגזט ער זיך אויפן רבוש״ע אַליין. ער האַלט, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן נאָר צוליב שנאת חינם — ווייל כביכול האָט פיינט ייִדן אומזיסט, אָן אַ פאַרוואָס. וואָס־זשע, מ׳האָט דאָרט אויבן עמיצן אַנדערש ליב צו האָבן, אַ חוץ ייִדן? דער אַלטער בייזערט זיך און עס מישט זיך ביי אים העזה מיט פּחד — און אַביסל האָט ער אפשר רחמנות אויף דער „שכינה נעבעך״, וואָס האָט אַליין אויך צרות פון דער סיטרא אחרא. אָבער קיין עוולות וויל ער נישט ליידן און ער מאָנט אהבת חינם: זאָל מען דאָרט אויבן אויפהערן מאַטערן. קען זיין, אַז ייִדן וועלן שוין קיין תשובה קיינמאָל נישט טון; מ׳האָט דען כוח? אַפּנים, דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אַ ייִד, אַ חלוש?

און אָט איז „איינשטיין״ אין קלויז: פון אַ קופּערנער געדיכטעניש פון באָרד און פּיאות סטאַרטשן אַרויס בלייכע ביינער, ווי ווייסע שפּענער. יאָגט אַ ייִדיש קינד אין מלחמה פון לובלין, ווייט קיין מזרח, נאָך ווייטער, איבער פעלדער, שאָסייען און וועלדער און שנייען, אַזש ביז קיין סיביר. דאָס קינד איז אַרויסגעפאַלן פון פאָטערס אָרעמס, ווען דער ייִד איז פאַרפרוירן געוואָרן און אַנידערגעפאַלן. האָט דאָס קינד געוואָגלט איינער אַליין איבער די מדבריות פון קאַלטע, פרעמדע שטעט. איצט ווערט דער יונגערמאַן פאַררעכנט אין ירושלים פאַר אַ גאון אין מאַטעמאַטיק און קבלה. בייטאָג לערנט ער אין העברעיִשן אוניווערסיטעט און ביינאַכט אין קלויז.

איז דאָס ירושלים? אפשר דאָס אויך. אַלטע שטעט, דאַכט זיך, ווערן קיינמאָל נישט פאַרטיק מיט זיך אַליין און אוודאי נישט ירושלים, וואָס וואַרט אַלע יאָר־טויזנטער אויף דער פאַרענדיקונג פון איר געשטאַלט, אויף דער פולער אויסלייטערונג פון איר גלאַנץ, וואָס וועט זיך פונסניי צעשטראַלן איבער אונדזער לעבן און איבער דער וועלט.

# צווייטע עליה

וואָלטן מיר אין ישראל נישט געווען אַזוי אַריינגעטון מיט לייב און לעבן אין צאַפּלדיקער היסטאָריע, וואָס לאָזט נישט רוען, וואָס שטעלט טאָג פאַר טאָג שווערע אויפגאַבן, כמעט איבערמענטשלעכע, וואָס אַנטפּלעקט אונדז אויף יעדן טריט וווּנדערלעכע חידושים — וואָלטן מיר געהאַט מער צייט און אַ פרייערן קאָפּ, צו פאַרנעמען זיך מיט אַ סעריע יובילייס, וואָס זענען גראָד אויסגעפאַלן אין די לעצטע יאָרן. גראָד קייַלעכן זיך איצט אויס אַ ריי היסטאָרישע דאַטעס, סאַמע וויכטיקסטע שטאַפּלען אין אונדזער באַרג־אַרויף צו מלוכהשער פרייהייט. אַ יאָר אַרויף, אַ יאָר אַראָפּ — ווו איז נישט קיין היסטאָרישער שטאַפּל?

בין איך נישט קיין היסטאָריקער און דאַטעס אינטערעסירן מיך נאָר, צוליב זייער אַקטואַליטעט היינט. נישט לאַנג זענען געוואָרן 70 יאָר, זינט די ערשטע יונגעלייט פון ביל״ו האָבן זיך געלאָזט פון מאָסקווע און פעטערבורג קיין ארץ ישראל. דאַכט זיך, נישט מער ווי ראשי־תיבות פון אַ פסוק: „בית יעקב לכו ונלכה״. — זענען מיר זשעדנע אין פסוקים? אָבער די דאָזיקע תנכישע פיר ווערטער האָבן רעוואָלוציאָנירט דאָס ייִדישע לעבן, געוויזן אַ וועג פאַר דורות. און אָט זענען געוואָרן 50 יאָר זינט דער שאַפונג פון קרן קימת און פערציק יאָר לאַנד־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ ישראל און דרייסיק יאָר קרן היסוד און דריטע עליה און קאַרגע צוואַנציק יאָר, זינט דער איבערנאַכטיקער „חומה ומגדל״־באַוועגונג פון פאַרשידענע שליסלפּונקטן אין לאַנד, וואָס זענען געשטאַנען אין פייער בעת די אַראַבישע אומרוען. דער לוח זשאַלעוועט אונדז נישט קיין היסטאָרישע דאַטעס, וואָס שניידן זיך טיף אַריין אין אונדזערע היינטיקע טעג.

און די צווייטע עליה? בלעטער איך די טעג נאָך אַמאָל און אָבער אַמאָל אין אַ גרויסן, וואָגיקן ספר וועגן דער צווייטער עליה, — אַ בוך פון קאַרגע 800 זייטן, געדיכט אָנגעפּאַקט מיט דעם איינגעהאַלטענעם פּאַטאָס פון גרויסע מענטשלעכע לעבנס, וואָס קניפּט זיך אָרגאַניש מיטן גורל פון פאָלק. אָט איז דער אָנהייב פון יאָרהונדערט, דעם „גרויסן יאָרהונדערט״; שוואַרצע שאָטנס פון פּאָגראָמען, וואָס פאַרפינצטערן דאָס ייִדישע לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד, אינערלעכע יוירונגען,

אומרויען, סאָציאַלע שפּאַנונגען ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אויף דער רוסישער ערד הערשן און טרעטן מיט קאָזאַקישע שטיוול: אַריסטאָקראַטן, זשאַנדאַרן, גלחים, אַנאַלפאַבעטן, שוואַרץ־מאַהניקעס, כּאַמישע און גרויספּירשטלעכע, צעיושעטע שקלאַפן, נאַהאַיקעס, וואָס געוועלטיקן, וואָס „זוכן גאָט".

אָבער אונטער דער צעברויזטער ערד, וואָס וואַרפט זיך אין קאָנווולסיעס, זאַמלען זיך פאַרבאָרגענע כּוחות, וואָס גרייטן זיך אין קלעמעניש, אין פאַרצווייפלונג, צום קאַמף פאַר פרייהייט. צעפלאַקערן זיך אין גאַנצן לאַנד פלאַמען פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס, וואָס ווערן דערשטיקט און רייסן זיך אין דער הויך, און דער ברען כאַפט אַרום אויך די ייִדישע יוגנט אין רוסלאַנד. ייִדישע יונגע לייט, סטודענטן און אַרבעטער, באַלעבאַטישע קינדער און „באָרוועסע", זענען פון די ערשטע, וואָס גייען אויף דער עקידה פאַר דער פרייהייט פון דער רוסישער ערד. זיי פילן־אָן די צאַרישע טורמעס, שלעפּן זיך אויף די שניי־סטעפּעס פון סיביר, שמירן מיט ייִדיש בלוט די רעדער פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

„קודם רוסלאַנד..." — דאָס איז די לאָזונג פון דער תקופה. קודם פאַרזאָרגן די וועלט און שאַפן גליק און פרייד פאַר דער געפּייניקטער מענטשהייט — וועלן מיר שוין אויך געהאָלפן ווערן. וויפל „גליק" דאַרף דאָס בסך הכל אַ מענטש, וואָס איז נישט מער ווי אַ ייִד? און ווער קען בכלל האָבן די העזה, צו טראַכטן, אַזוי צו זאָגן, אין הויפּט־באַרוף וועגן גליק פאַר ייִדן? ווער זענען מיר דאָס אַרום און אַרום? און וואָס דאַרף מען זיך „שטופּן"? אָט וועט אויפגיין דער „מאָרגנשטערן" און עס וועט זיך אַ שטעל־טון די „וועלט פון מאָרגן" — וואָסזשע וועט אונדז פעלן? די ווערטער קלינגען היימיש אויך אין אונדזערע טעג.

האָבן זיך אָבער געפונען אויף דער ייִדישער גאַס יונגעלייט דאָ און דאָרט, געציילטע יחידים, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט צווישן די „פּלאַטפאָרמעס" און נישט געפונען קיין רו אין די אָנגעגרייטע פּראָגראַמען, וואָס דאַרפן באַגלייטן אַלעמען. זיי האָבן דערקענט אָדער דערפילט די באַזונדערקייט פון דער ייִדישער לעבנס־בויט, פון דער ייִדישער הימלאָזיקייט, וואָס איז איינציק אויף דער וועלט און האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין איר טראַגישן פאַרמעסט. זיי האָבן מיט אַ געזונטן חוש תופס געווען, אַז אויך אין דער „וועלט פון מאָרגן" וועלן מיר בלייבן אַ „פּראָבלעם", וואָס וועט העכסטנס אַריין אין דער וויסנשאַפט, אויב מיר וועלן ווייטער הענגען אין דער לופט, אַזוי „אינטערעסאַנט און אייגנאַרטיק", אויב מיר וועלן נישט שטיין אויף אייגענער ערד, שאַפן אייגענעם לעבן, כּוח און קולטור.

אָט די יחידים — „ראָמאַנטיקער" האָט מען זיי גערופן מיט חוזק, אויב נישט „בורזשויניקעס" און „רעאַקציאָנערן" — האָבן געהאַט די וווּנדערלעכע העזה און דעם מאָראַלישן כּוח, אָפּצוזונדערן זיך פון ברייטן שטראָם און זוכן אַן אייגענעם וועג צו דער ייִדישער פרייהייט. האָט מען זיך מסתמא געראַנגלט מיט זיך אַליין

אין אַן אינערלעכן קאַמף, ביז מען האָט זיך — אפשר אַביסל אומזיכער — אָפּגעטיילט פון דער פּאָפּולערער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט באַהערשט די יוגנט־צייט. מען האָט פאַרלאָזט דעם טאַטנס שטוב, די גימנאַזיע, דעם אוניווערסיטעט, דעם בית־מדרש, די קאַריערע, די געזעלשאַפט און האָט זיך געלאָזט אויף איינזאַמע, פרעמדע וועגן קיין ארץ ישראל. דער קאָפּ איז געווען פול מיט אידייען און פּרינציפּן און אָפּט האָט ער זיך געדרייט מיט אַלערליי ראשי־תיבות פון פּאָליטישע וועלט־אַנשוייונגען, וואָס זענען געווען אין דער מאָדע אין יענער צייט — אָבער אונדזערע יחידים — אין אַ באַזונדערן זין: חלוצים — האָבן אויסגעקליבן פאַר זיך דעם שווערן קאָמפּליצירטן וועג פון געדאַנקלעכער זעלבסטשטענדיקייט: ציוניסטן און סאָציאַליסטן... וועלט פון מאָרגן אין ארץ ישראל.

פּראַקטישע מענטשן האָבן, ווי אַלעמאָל, געלאַכט: „פּאַלעסטינע... כותל מערבי... מאַמע רחל...״ ווי איז געמאָלט אַ פּויער מיט אַ הויכן שטערן און מיט ברילן? און ווי קענען ייִדישע כלה־מיידלעך מיט איידעלע הענט קאָנקורירן מיט געענדיקטע שטאָל־שיקסעס? אָבער די עקשנים, די גלויביקע, זענען געגאַנגען זייער וועג אין איינזאַמקייט, אָן דערמוטיקונג, אָן פּירונג, אָן אַ פּלאַן, אָן געלט — און זיי האָבן אויסגעטראָטן דעם שווערן וועג צו ייִדישער פרייהייט. זיי האָבן געלייגט פונדאַמענטן פון דער ייִדישער מלוכה, געהאָלפן זי צוגרייטן מיט גלויבן, מיט איבערמענטשלעכער אַרבעט און לעבנס־קרבנות. אַ טאָג געאַרבעט און אַ וואָך געפּיבערט, נאָך אַ וואָך, געגעסן שיטערע יושקע און געהונגערט געדיכט און געזונגען לידער צו דער צוקונפט, וואָס מ׳האָט אַליין געבויט.

אַזוי האָט מען דאָס געמאַכט — און דאָכט זיך: ס׳איז כדאי געווען. אין דער היים האָבן געלאַכט פון די ראָמאַנטישע שלימזלניקעס באַלעבעסלעך און פּראָפּעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן — און אין פתח תקוה, די מאַמע פון די קאָלאָניעס, האָבן די קאָלאָניסטישע קולאַקעס געלייגט אין חרם די „ציוניסטלעך״, וואָס זענען געקומען זוכן אַ טאָג אַרבעט, די „מאסקאַלעס״ מיט די רובאַשקעס און טשופּרינעס און מיט אידעאַלן, פון וועלכע ס׳וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען. אַנדערע פלעגן רחמנות האָבן אויף די ייִדישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויף אַוואַנטורעס, און האָבן זיי געעצהט, זיך אומצוקערן צוריק קיין רוסלאַנד, אין טאַטנס קראָם אָדער אין אוניווערסיטעט, טון אַ שידוך און ווערן אַ באַלעבעסל. אין פּרדס האָבן זיי ליבער געלאָזט אַרבעטן די האַלב־ווילדע אַראַבער. זיי זענען געווען צוגעוווינט צו דער אַרבעט, זענען געווען ביליק און האָבן נישט באַלאָמוטשעט מיט „ציוניזם״.

איז גוט, וואָס די עקשנים האָבן נישט געפאָלגט די עצות־געבער. זיי האָבן אין איבערמענטשלעכער מי און שווערן געשטרויכל דעראָבערט די אַרבעט פאַר ייִדן. מיט זיי האָט פאַמעלעך אָנגעהויבן אויסוואַקסן אַ דור פון ייִדישע אַרבעטער,

וואָס טוען אַליך אַליין און זענען נישט מער אָפּהענגיק פון קיינעם אין פעלד און אויפן שאָסיי,ביים בנין און אין פאַבריק. דאָס איז געווען אַ יידישע רעוואָלוציע און דאָס איז דער אָנהייב פון דער יידישער מלוכהשער סוווערעניטעט. זיי האָבן אויסגעלערנט יידן אַרבעטן און נישט געבן אינסטרוקציעס, ווי „דירעקטאָרן", אַרבעטנדיק אַליין און וואַכנדיק אַליין, און טראָגנדיק אַליין די שווערע לאַסט פון אחריות פאַרן גאַנצן פאָלק, האָט מען, טריט ביי טריט, אַקער ביי אַקער און ציגל ביי ציגל, אָנגעהויבן בויען די יידישע מלוכה.

דאָס זענען געווען די מענטשן פון דער צווייטער עליה. עטלעכע פון זיי, די לעצטע פון זיי, זע איך אַמאָל אין שטאָט אָדער קיבוץ, אין כנסת אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג: ווייסע קעפּ און די פנימער פול מיט טיפע קנייטשן. זיי האָבן ביי זייערע ערשטע טריט געהאַט גרויסע לערערס, אהרן דוד גאָרדאָן און יוסף חיים ברענער, בערל קאַצנעלסאָן, טרומפּעלדאָר, וויטקין — אַלע לערערס, קיינער נישט קיין „פירער".

# בילדער פון דער כנסת

כנסת אין ירושלים: אַ וואַכעדיק הויז אינמיטן גאַס, וואָס האָט זיך נישט גערוכט אויף קיין פּאַרלאַמענטאַרישער קאַריערע. פּשוטע, גלאַטע מויערן, אָן פיגורן פון דער מיטאָלאָגיע, אָן די סקאַרבאָווע גבורהדיקע מיטאָלאָגיזם, וואָס שטייען ווי געהויבענע גולמס פאַר די פּאַרלאַמענטן פון דער וועלט, כאָוועץ פייגל אין די מירמלנע בערד און קויטיקן שניי אין די קלאַסישע טאָגעס און האַלטן אין איין אַלעגאָריזירן, זומער און ווינטער, מלוכהשע חכמה אָדער גערעכטיקייט. אַמאָל זענען זיי טעטיק ווי אייביקע ברונימער. גיסן וואַסער שוין אויף דער זייט פּאַרלאַ־מענט, נאָך איידער די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס אַלץ פאַרמאָגט נישט אונדזער כנסת. מיר האָבן בלויז אַ מנורה אויפן דאַך — דעם רעשט שטויסט מען זיך אָן. ערגער איז, וואָס זי האָט, זאָגט מען, אַ שלעכטע אַקוסטיק: מ׳הערט יעדעס וואָרט.

אונדזער כנסת איז אַ הויז אויף צו אַרבעטן, שאַפן דעם געזעצלעכן ראַם פאַר אונדזער מלוכהשן קיום, אַ ראַם אָן בלענדיקן גלאַנץ — אָבער פּשטות איז קיינמאָל נישט געווען קיין מניעה פאַר אינערלעכער גרויסקייט. פון דעם גרויען, גלאַטן הינטערגרונט קוקט אַראָפּ דאָס בילד פון טעאָדאָר הערצל און אונטער אים איז דער הילצערנער שטענדער פון פאָרזיצער. זיצן 120 דעפּוטאַטן אין אַ האַלבן קיילעך: ווייסע קעפּ, ליסינעס און שטעכיקע טשופּרינעס, צעאַקערטע פּנימער און פאַרהאָרעוועטע פּלייצעס, כאַקי און רובאַשקעס, באַלעבאַטישע שניפּסן און רבנישע הדרת פּנימער, קליינע יאַרמולקעלעך, וואָס הענגען מיט נסים און שווערע טעקעס מיט פּאָליטישן יראת שמים. איינער אַ דעפּוטאַט איז אַ באַרעדעוודיקער שווייגער. ער שלעפּט זיך קורץ, געפּאַקט, מיט שווערע, שטויביקע שטיוול צום שטענדער. פּערציק יאָר אַקערט ער פעלדער, טריקנט זומפּן און האַקט שטיינער — איצט שווייגט ער שטאַמלדיק: „...וואַסער... גרענעצן... דירות פאַר נייע עולים... קינדער...“ ער שווייגט אויף אַ סך טעמעס אין איין שטאַמלדיקער רעדע. אַנטקעגן אים, אויף דעם רעכטן פליגל פון הויז, סטראַיעט זיך דער פּאָליטישער טענאָר. באַלד קומט זיין ריי — און איידער מען קוקט זיך אום, שטייט ער אויף דער טריבונע און

מיקראָפאָנפּעט צעגאָרגלטע רייד. דער קאָפּ איז אַן אַרבוז מיט אַ פּענסנע און עס שיטן זיך פון איר ווערטער, וואָס רעדן זיך אַליין: „...די לאַגע... די פּראַגע...״

אינמיטן זאַל, אַרום אַ לאַנגן טיש, זיצט די רעגירונג און אויף דער טריבונע, אויבנאָן, איז דער כנסת־פּאָרזיצער: האַמער און ישוב הדעת און אַמאָל אַ שמייכל, וואָס אַמפּערט זיך מיט אַ האַלבן בייזער: „דרך ארץ פאַר דער כנסת!״ אָט שטופּן זיך די פּראָבלעמען איינס אויף איינס און קיינער האָט קיין צייט נישט. די מדינה שטייט נישט — מישן זיך דאגות מיט נחת און די כנסת האַלט אַלעמאָל פאַר אַ שטורעם אָדער נאָך אים. פאַרגלוסט זיך אַמאָל איינעם אַ דעפּוטאַט צו צעלאָזן זיך מיט דעמאַגאָגישן בעלקאַנטאָ — לאָז אָפּ, יונגערמאַן! ווער דאַרף דיין דעקלאַמאַציע? נישטאָ דאָ די קוליסן פאַר מעלאָ־פּאָליטישן טעאַטער. דאָס הויז איז ענג, צו קנאַפּ פאַר ברייטע זשעסטן. אָט צעשפּילסטו דיינע מליצות, געקליבענע איינס ווי איינס — אָבער דו ווערסט דיך באַלד אָנשטויסן אין די האַרטע קאַנטן פון דער רעאַליטעט. זי שטייט דאָ און וואַרט, האָט קיין צייט נישט און פאָדערט תכלית: קיבוץ גלויות... זיכערקייט אויף די גרענעצן... ברויט און כוח... און דער מדבר טשאַטעוועט... דער שטענדער אויבנאָן טוט לייכט אַ ציטער, קודם „אַזוי״. דערנאָך מיט אַ ברומ־פוסטע רייד זענען אַ באַליידיקונג פאַר דער כנסת. דער שטענדער דערשמעקט באַלד יעדע פאַרבאָרגענע קונדייסישע כוונה פון לינקס אָדער רעכטס: צוריק צום ענין! ניין, קיין לייכט לעבן האָבן דאָ נישט די דעמאַגאָגן: מען לאָזט זיי דעם קרומען קאָפּ נישט אויפהייבן.

שטופּט זיך אויף דער גאַלעריע אַן עולם יידן, אַלטגעזעסענע און נייע עולים, קאַשקעטלעך, קאַפּעליושן און צעדרייטע שקאַרמיצלעך, פּיצלעך תימנער, וואָס זעען אויס ווי זייערע אייגענע קליינע יינגעלעך, און גבורהדיקע קורדן מיט געפלאָכטענע שווערע טורבאַנען און ברייטע וויבערישע טענדעווערענדעס, יידן האַרעפּאַשניקעס, סאַמע פּלייצע, און צווישן זיי — סתם „צושויער״, יונגוואַרג, סטודענטן, סאָלדאַטן, שרייבער, ווייבער און יידן מיט טענות — אַלע אינאיינעם, ענג צונויפגעפּרעסט, נאָענט און היימישלעך, ווי עס פּאַסט זיך פאַר דעם פּאַרלאַמענט פון אַן אָרעמער מדינה. און אפשר איז די ענגשאַפט אויך אַ שטיקל סגולה, צו בלייבן פאָלקסטימ־לעך אין דער מלוכה, מיט ווייניק דיסטאַנץ, נישט אַוועקרירן זיך צו־ווייט פון נאַטירלעכן באָדן.

איינער אַ ייד איז דאָ אַלעמאָל דער ערשטער אויף דער גאַלעריע. ער האָט דאָ זיין שטענדיקן אָרט, קומט צוגיין און זעצט זיך אַוועק און דרימלט באַלד, נאָך איידער מען הייבט אָן רעדן. — וואָס ט׳מען וואַרטן? דער ייד איז דאַר און לאַנג און אַביסל איבערגעבויגן. ערגעץ הויך הויבן האָט ער שוין יאָ אַ שטיקל הויקער — געדענקט ער ערשט נישט. ער צופּט דאָס אויסגעצופּטע דאגה־פּרנסה־בערדל, אַ בערשטל, געגליכן צו אַ שפּאָן — שוין! מער איז ער נישט מחויב. ער האָט ליב

געהויבענע פּליאַטקעס און האָט אַ קאָלעקציע מיניסטאָרישע דורכפאַלן: „...ששש... געהערט?.. וואָס, נישט געהערט..? און איך האָב נאַר־וואָס געהערט, אַז מ׳הערט גאָרנישט... ששש...״ דער ייִד דרימלט שוין. ער האָט ליב צו דרימלען צווישן ייִדן. ער כראָפּעט מיט אַ ניגון. דערצו קומט אים שטאַרק צונויף דעם טענאָרס רעדע אויף דער טריבונע.

דער האַמער אויפן שטענדער ציטערט מיט אַ דריבנעם בייזער — אָבער די רעדע גיסט זיך ווייטער: „די לאַגע... די פּראַגע...״ אַ דאַמע רוקט זיך, שטופּט זיך צווישן די בענק אויף דער גאַלעריע. זי פּרייכט אויף דייטש: „סקאַנ־דאַל...״ די דאַמע איז ברייט און בכבודיק, אַ מציאה צוויי דאַמעס. אויף איר קאָפּ אַרבעטן מעשים לארניאַן און גוידער און אַ הוט מיט סטענגעס און פייגל און אַ גרינע אוגערקע. דער הוט האָט געזען אַמאָל בעסערע צייטן — די דאַמע אויך. זי איז געווען „ערשטע שוואַלב״ אין פּראַנץ יאָזעפס קייזערלעכן אָפּערעטן־טעאַטער אין ווין; — איצט האָט זי אַ באָס און אַ שטיקל וואָנסע און זי קריגט זיך מיט די „לייטע״: „סקאַנ־דאַל...״

און אָט איז אַ קיבוצניק אויף דער גאַלעריע: קאַשקעטל און שווערע טעקע און דער קאָפּ פול מיט דעם קיבוץ: גרעניצן ביינאַכט אין די בערג... קרעדיט אין די בענק... קינדער... ליטעראַרישע אָוונטן... טראַקטאָר און וואַסער... דער קיבוצ־ניק איז געקומען „זען און הערן״. ער האָט חברים צווישן די דעפּוטאַטן, וואָס קערן זיך אום ביינאַכט אין דאָרף אַריין. אָפּט חידושט ער זיך: ווו נעמען זיי אַזויפיל רייד... און וואָס וועט דערפון ווערן...

אַן אַלטיטשקער אין ווייכע לאַטשן, אַ דריבנע ייִדעלע. דאָס פּנים איין ליכ־טיקער שמייכל, איינגעטונקען אין ציטערדיקע בינטלעך זיידענע פּעדים, וואָס ווילן ביי אים נאָך אַלץ קיין באָרד נישט ווערן — איז נישט! עפּעס שטראַלט פון דעם אַלטיטשקן און שטעקט מיט בלויען עולם הבא — אָבער איצט האַלט ער אינמיטן מאריך ימים זיין. ער האָט פאַרוויקלטע חשבנות מיטן כביכול און עס זינגט פון אים דער ניגון פון גאולה — איז ער געקומען אין כנסת מאַכן אַ „שהחיינו״. ער טאַפּט אָן מלכות ישראל מיט ציטערדיקע ייִדישע פינגער. און גלעט דעם קיבוצניק מיט בליקן פון אַ סגי נהור.

שמאַיעט אַריין אַ ייִד אַ לייביקער, אַ האַרבער, אַן אומרו, אַ כעסן. ער טראָגט אויף זיך אַ שווערע רויטע באָרד, וואָס הייבט זיך אָן ביי אים ערגעץ הויך אויבן, אונטערן שטערן, פאַרנעמט אַלץ, וואָס קומט איר אין וועג: מויל, אויערן און נאָז, וואַזשעט אַראָפּ ווי אַ קופּערנע פאַן אויפן בויך, פאַרטשעפּעט זיך און בלייבט הענגען אין גאַרטל — אַ סוף! די באָרד איז ביי אים אַ קרומע — ער לאָזט דען וואַקסן? ער שטופּט זי אַהין — וויל זי דווקא נישט. זי וואַקסט ברוגז און פונקט קאַפּויער.

דער ייִד איז צעקריגט מיט דער וועלט, צעקריגט מיט זיך אַליין — און מיט דעם ברען פון פאַרמוטשעטן אהבת ישראל האָט ער פיינט ציוניסטן. ער איז

געקומען זיי פיינט האָבן אויפן אָרט, אין דער כנסת, אַז די שנאה זאָל נישט פאַר־פרעמדט ווערן. ער האָט מוראָ, צו געטרויען איר איבער דער גאַס. דער ייִד איז אַ גבאי פון נטורי קרתאָ, אַ גבאי און אַ גרוש, געהאַט דריי ווייבער און אַלע געגט. איז אים געבליבן אין מאה שערים אַ טונקעלער סקלאַד מיט שניט און כעס.

דעם ייִד קומט אַ „קריזיס" אין כנסת — ער איז געקומען אָפּנעמען. אין די בלעטלעך, וואָס ער לייענט, האָט מען אים שוין לאַנג צוגעזאָגט אַן „אָפּגרונט". — מילא, איז נישט קיין אָפּגרונט, זאָל־זשע זיין אַ „שפּאַלטונג". — אָבער ער וועט נישט דערלאָזן, די פושעים זאָלן זיך אַרויסדרייען מיט גאָרנישט. דער גבאי פאַר־שטייט נישט: אָט איז רעכטס און אָט איז לינקס; רעגירונג, אָפּאָזיציע — און גאָר־נישט? דער ייִד האָט ליב טינטערס איבער די קעפּ. ער גייט נישט אין קינאָ, האָט נישט צו טון מיט צירק — וויל ער, ס'זאָל זיך „טון" אין דער כנסת. ער איז אַ בירגער פון לאַנד, וואָס ער האָט פיינט און ער איז שולדיק אַלע שטייערן; — וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ מדינה, וואָס רייסט זיך נישט אויף?

ביים שטענדער זאָגט נאָך אַלץ דער טענאָר — און די ווערטער גייען אַליין: וואָס ט'מען מטריח זיין דעם חשובן דעפּוטאַט? איך גיב אַ קוק אויף דעם זיידן אין די ווייכע לאַטשן. זיין ווייסער קאָפּ לייכט, דאָס בערדעלע ציטערט און די ליפּן שעפּטשען: „...שהחיינו..." — „אמן" — ענטפערט אַ קול שטילערהייט, ווי אַמאָל אין קלויז, ווען אַ ייִנגל האָט נאָכגעזאָגט „אמן" נאָך דעם זיידנס ברכה. דער קיבוץ־ניק לאַשטשעט דעם אַלטיטשקן מיט דעם וואַרימען גלאַנץ פון זיינע ייִנגלשע אויגן. שטייט דער זיידע אָנגעשפּאַרט אין אַ סלופּ אויף דער גאַלעריע פון דער כנסת. און אפשר איז גאָר דאָס גאַנצע הויז אָנגעשפּאַרט אויף זיי ביידן, — דעם זיידן מיטן אייניקל: „אמן..."

# אין שכנות פון באַרג סיני

דאָס איז אַ באַרג נישט סתם אויף „לאַנדשאַפט“ און „נאַטור“ און אוודאי נישט אַ באַרג אויף אָפּצורוען. אין תוך איז דאָס אַ בערגל אַן אומרו, אַ ברען, איבערגעלאָדן מיט פּאַטאָס און גורל, אַ בערגל, וואָס שטייט נישט, נאָר ברויזט און קאָכט און לאַכט פון אַלע פיזיקאַלישע געזעצן, וואָס זענען חל אויף שווערע, האַמעטנע, גוייִשע בערג. און מיט אָט דעם בערגל האָבן מיר זיך פּאַרצייטנס געווען פאַרטשעפּעט — האָבן מיר צו זינגען און צו זאָגן ביז היינט. האָט כביכול אין יענע נעפּלדיק־רויכיקע טעג פון מתן תורה אַ נעם געטון דעם באַרג סיני און אים אויפגעהויבן הויך איבער אונדזערע קעפּ: „...איר וועט מקבל זיין די תורה, איז גוט — אלא נישט, וועט דאָ זיין אייער סוף, דאָ, אונטערן באַרג“. אַוודאי האָבן מיר געכאַפּט און פרייוויליק געזאָגט „יאָ“: אַ ברירה געהאַט? אָבער לאָמיר זיך נישט נאַרן: כביכול אַליין האָט דען יאָ אַ ברירה געהאַט? די גוייִם, די חכמים, וועמען ער האָט פריִער געהאַט פאָרגעלייגט די אייגענע תורה, האָבן זיך דערשראָקן און געזאָגט „ניין“. גוייִם זענען גבורהדיקע פּחדנים. נאָר מיר, ייִדן, זענען געווען שטאַרקע. מיר האָבן קיין מורא נישט געהאַט — און אפשר גאָר האָבן מיר מורא געהאַט מורא צו האָבן — האָבן מיר געכאַפּט און געזאָגט „יאָ“ און אַ סוף. דאָס איז געווען דער אָנהייב.

פאַראַנען אין ירושלים אַן אַלטיטשקער בלינדער מגיד, אַ זקן פול מיט דורות, מיט אָפענע ווייסע אויגן פון אַ סגי נהור, אינגאַנצן דורכגעלויכטן און איבערגעבויגן, שטעקן און אייניקל און אהבת ישראל און אייביקע טענות צו כביכול. איז קיין דין תורה נישט און פאַרלאָזן זיך אויף מענטשן גייט אויך נישט — סטראַשעט דער אַלטיטשקער, אַז אָט נעמט ער און לאָזט אָפּ דעם אייביקן שידוך צווישן ייִדן און דעם רבוש״ע. וואָרום — ווער זענען מיר און ווער ביזטו? מיר זענען אברהם, יצחק ויעקבס אייניקלעך — און דו, ווער איז געווען דיין זיידע, טאַטע הייליקער אין הימל..?

אַזוי צעבייזערט זיך דער אַלטיטשקער און ציטערט פאַר זיין אייגענער העזה

און טראָגט ווייטער דעם שווערן עול פון זיין ייִדישקייט. און אַזוי טראָגן מיר אַלע דעם גורלדיקן באַרג סיני אויף די פּלייצעס. מיר האָבן זיך געבראָכן אונטער דער שווערער משא, יעדער לויט דער שלמות פון זיין צעבראָכנקייט, און אים געטראָגן אין זיך אַלע די טויזנטער יאָרן פון נע־ונדקייט, אין אַ פינצטערער וועלט פון טומאה און רשעות, צווישן צעיושעטע בלוט־היִנט, וואָס האָבן געריסן שטיקער פון אונדזער לעבן און געהוליעט ביי אונדזער בראָך. געפאַלן, אויפגעשטאַנען — און ווייטער געגאַנגען. דאָס איז געווען אונדזער לעבן, זינט מיר האָבן, אין יענעם גרויען פּאַרצייטנס, אַנגעהויבן ביים באַרג סיני אונדזער גייסטיקע וועלט־קאַריערע און איניינעם מיט איר — אונדזער ייִדישע וועלט־נויט. צי צווייפלט דען עמיצער, אַז די צוויי זענען טיף אינערלעך פאַרקניפּט און אַז פאַר דעם ווילן צו גרויסקייט באַצאָלט אַ פאָלק מיט יסורים? וואָס־זשע, אַנגעגרייט גרויסקייט אויף מציאות?

קען זיין, אַז מיר האָבן זיך אין אונדזער טראַגיש גרויסן לעבנס־בונד מיט דעם גייסט פאַרפּלאָנטערט מיט אַ צו־שווערן שותף. מיר האָבן ביים באַרג סיני פּרייוויליק אַרויסגעפּאָדערט דעם פּרא אדם אין זיך אַליין און אין דער גאַנצער וועלט — און דאָס קען אונדז דער פּרא אדם, ביזן היינטיקן טאָג, נישט מוחל זיין. וואָס האָט אונדז דען געפעלט, אונדז, מענטשהייט, ווען מיר זענען געקראָכן אידיליש אויף אַלע פיר אין די וועלדער, געכראָמקעט קאָרע פון די ביימער, גענאָסן פון דער פּריווילעגיע צו לעבן פריי ווי די בהמות; — האָט זיך אונדז פאַרגלוסט דער באַרג סיני און מיר האָבן גענומען זיך אַליין שווער מאַכן דאָס לעבן און באַוומרויִקן אַ וועלט מיט עטישע פּאָסטולאַטן, מיט אַ האַרבן סיסטעם פון מצוות און עברות. געווען אַן איינגעפונדהעוועטע האַרמאָנישע וועלט־אָרדנונג פון פרייען רויב און מאָרד און בלוט־שאַנד — האָבן מיר דאָס אַלץ איבערגעקערט מיט דעם כוח פון עטלעכע שטרענגע פּסוקים. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע וועלט־רעוואָלוציע: „נישט מאָרדן, נישט גנבענען, נישט שווערן פאַלש און נישט טון נאָך אַ סך זאַכן, וואָס קענען זיך פאַרגלוסטן דיין חיהשן אינסטינקט. איז אַמאָל אַריינגעפאַלן אַ ייִד אין בית מדרש, פונקט ביים לייענען די עשרת הדיברות: לא תגנוב... נישט גנבענען, נישט מאָרדן... נישט... נישט... נישט זינדיקן מיט פרעמדע פרויען... נישט מאַכן קיין געצנבילדער. — כאַפּט דער ייִד, אַן איבערגעשראָקענער פון אַזויפיל תורה, און מאַכט אַ חשבון פון די אויסגערעכנטע לאווין: — מילא, קיין געצנבילדער האָב איך נישט געמאַכט.

און לאָמיר געדענקען: די עשרת הדיברות זענען דאָך געווען נישט מער ווי דער באַשיידענער גרונט־קאַפּיטל, וואָס איז אין משך פון די דורות געוואַלדיק פאַר־גרעסערט געוואָרן מיט נאָך און נאָך, ביז תרי״ג מצוות. די תורה האָט אַלץ איינגע־צוימט: הוליע נישט — און וואָס דו מעגסט יאָ, טאָרסטו אויך נישט! ביזט נישט אַליין אויף דער וועלט. נעם־זשע אַראָפּ אַ חלק פון דיין פרייהייט, פון דיין אייגע־

נעם גליק און לייג אַריין אין אַ מין אומזעבאַר וועלט־שותּפות: זאָל זיין אַביסל פרייד אויך פאַר אַ ברודער. דאָס אַלץ האָט אונדז אָפּגעטון דער באַרג סיני.

געווען צייטן, ווען מיר האָבן זיך מיט חשק פון אים דערווייטערט, מבטל געמאַכט אין אונדז אַליין די גרויסקייט, צו וועלכער ער האָט אונדז געצווּונגען. מיר זענען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער „וועלט" און געפלירטעוועט מיט אַלע שפּאָגל־נייַע עבודות זרות, בונטע, רווישיקע, ליגנערישע. אַ פאַלק פון הייסן גלויבן און גאונישן באַנעם פון „אחד"־פּרינציפּ, מיט וועלכן מיר האָבן געמאַכט אַ גייסטיק־העזהדיקן קפיצת הדרך איבער יאָרטויזנטער געדאַנקען־אַנטוויקלונג, איז אין דער נע־ונדקייט געוואָרן ציגיינעריש און ציניש, געטאַנצט אויף אַלע פרעמדע חתונות, פאַרשיכורט פון שיינע שקרים — און דער באַרג סיני האָט דערווייל געפּוסטעוועט. ער איז אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן ערגעץ אין מדבר, אַ בערגל צווישן בערג: נישט צו דערקענען, וואָס דאָ האָט זיך אַמאָל אָפּגעטון מיט עטלעכע יאָרטויזנטער צוריק אויף אים און אַרום אים, אין יענעם מוראדיק דראַמאַטישן באַרג־אַרויף־און־אַראָפּ צווישן משה רבינו און גאָט, וואָס האָט צעשרויפט אַ וועלט און פאַרענדערט איר פּנים — כאָטש דער דאָזיקער פּנים, ווי מיר ווייסן, האָט שוין לאַנג באַוויזן צו ווערן אַ טריפהנער פּרצוף.

היינט שטייען מיר ווידער, צוריקגעקומענע פאַרלוירענע, אין נאָענטער שכנות פון באַרג סיני, אַ תחום שבת פון אילת. און כאָטש איך ציטער פאַר „קולות וברקים", מיט וועלכע ער האָט זיך געהאַט אַמאָל אַנטפּלעקט צו אונדז, און איך בין, ווי אַ סך פון אונדזער דור, מיד פון די איבער־שעהן, וואָס די וועלט־געשיכטע האַלט אין איין מאַכן קעגן אונדז — פיל איך פונדעסטוועגן מיט אַ טיפן ציטער די באַנייטע נאָענטקייט פון אָט־דעם גורל־באַרג, דער גורל־וויג פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן. אָט אין דעם מדבר פון דער תורה, צווישן פאַרשאָטענע אוראַלטע ברונימער פון די וואָגלערישע אבות, צווישן פאַרשטיינערטע שטיקער מענטשהייט־געדאַנק, שפּראָצן אויף יונגע בלישטשענדיקע ייִדישע דערפער, וואָס שטייען דערווייל נאָך „איינדרויסן" און רוצחים באַפאַלן זיי אין די נעכט. דאָס זענען על פּי רוב דערפער: מער העזה, ווי ישוב, אָן איינזאַמע, ציטערדיקע ליניע פון עטלעכע הילצערנע שטיבלעך, אָנגעצייכנט אויף צעגליטן זאַמד, אונטער צעגליטן הימל, אין דער געלער אומענדלעכקייט, וואָס איז פול מיט ליידיקייט. גיי, ווייס, אַז ס'איז נאָך פאַראַנען אויף דער וועלט אַזויפיל נישט אויסגעניצטער פרייער הימל, נישט צעשטאָכן פון וואָלקנקראַצערס, קלויסטער־טורעמס, פאַבריק־קוימענס, — אַ פאַרגעסענער הימל.

האָבן זיך דאָ געיאַוועט אַ דריי־פיר בחורים, 18־20־יעריקע, וואָס זענען בעת דער באַפרייונג־מלחמה אין נגב פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אַהין ווי אַ מיליטערישער וואַך־פּאָסטן. האָט מען אין קאַלטע מדבר־נעכט אָנגעצונדן שייטערס און זיך איינגעטוליעט אין חברישקייט, געזופּט הייסע קאַווע און געזונגען לידער און זיך פאַר־

בענקט אין מדבר. ווער־זשע האָט געגלויבט, אַז זיי מיינען דאָס טאַקע אויפן רעכטן אמת, אַז זיי וועלן אויסהאַלטן, אויג אויף אויג מיט דער ליידיקייט! דערווייל זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע ייִנגלעך און נאָך אַ טוץ און נאָך איינער. און צוויי יונגע קברים זענען אויך שוין דאָ. גייט מען אַרויס פיר פאַרטאָג צו דער אַרבעט, חידושט זיך דער שלאָפנדיקער מדבר: ווער זענען די שבטים דאָ פּלוצים? און ווו זענען זיי געווען די אַלע טויזנטער יאָרן?

דאָס איז איינער אַ ישוב, נישט גאָר ווייט פון באַרג סיני. קיין וואַסער איז דאָ, אמת, נאָך נישטאָ, — אָבער פייער איז פאַראַנען אַ סך: פלאַמען פון חלוצישער התלהבות, וואָס לעשן זיך ניט, נאָר כאַפּן זיך אויף פון פאַרדושעטקייט. דאָ, אין די ווייסע פייער־פלאַמען פון מדבר, זאַמלען זיך ווידער אונדזערע שבטים, צעריסענע און פאַרוואָגלטע, צו אַ נייעם נעשה ונשמע, צו אַ געלייטערטן העראָישן גלויבן, וואָס וועט אויפהייבן אונדזער פאָלק; — איך זאָג: גלויבן, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אין גלות לאַנגע דורות געשאַרפט די קעפּ און פאַרשטומפּיקט די הערצער, ווי גלויביקע צווייפלערס און אָרטאָדאָקסישע „ניין"־זאָגערס. דאָ שטייען מיר היינט ווידער, נאָך אַ לאַנגער וועלט־וואַנדערונג, פאַרלוירן די וועלט און געפונען די היים, וואָס איז פונווייטנס פאַרט אין שכנות פון באַרג סיני. די דאָזיקע געאָגראַפיע פאַרפליכטעט.

# וואַסער אין נגב

יונגע ברונימער, פרישע קוואַלן, באַסיינען און וואַסער־רערן — גיי־זשע ווייס, אַז וואַסער, אַזאַ פּשוטע, פּאַרעווע זאַך, האָט אין זיך דעם כּוח צו פאַרשיכּורן מיט פרייד אַ גאַנץ לאַנד... בלישטשען אין דער זון פון נגב קילע, קרישטאָלענע וואַסער־שטראַלן, הייבן זיך און גלימצערן און ציטערן, נאָך אַביסל אומזיכער, נאָר וואָס אַרויס פון די מדבר־טיפענישן, וואָס איז קענטיק שטאַרק צערודערט געוואָרן — און די אַלטע פאַרדאַרטע ערד פון באר אורה טרינקט זשעדנע, מיט הייסן דאָרשט, אָט די פרישע פינקלדיקע ברכה, צום ערשטן מאָל אין אירע מיליאָנען יאָרן. גלעט די ערד פּאַמעלעך אויס אירע האַרטע קנייטשן, ווערט ווייך און צוגעלאָזט און טוט אַ שמייכל מיט אויפגייענדיקער פרוכפּערדיקייט אויף די אַלטע יאָרן. דאָס איז דער נס פון אונדזער יונג־געוואָרענער ערד אין ישראל. — און דאָס גאַנצע לאַנד יובלט. אַלע הערן דאָס רוישן פון קלאָרע קוואַלן און עס צעקלינגט זיך איבערן גאַנצן לאַנד דער העלער געזאַנג פון וואַסער אין מדבר.

זענען פאַראַן אין ישראל נביאים פון וואַסער; גרויסע נביאים און מינימאַליסטן, מענטשן מיט פּראַקטישער וואַסער־הערפאַרונג, וואָס זוכן און געפינען און וויסן די וואַסער־סודות. האַלטן היינט ביי אַ קנאַפּן מיליאַרד קוביק־מעטער וואַסער אַ יאָר און רעכענען צו דערגרייכן אין עטלעכע יאָר ביז דריי מיליאַרד און אפשר מער: וואַסער פון ירדן, פון ירקון, פון קוואַלן, אָפּגרונט־וואַסערן און פאַרפלייצונג־וואַסערן, וואָס וועלן אויפגעזאַמלט ווערן און נאָך און נאָך וואַסערן, וואָס זענען שוין פאַראַנען און מיט וועלכע מען דאַרף נאָר גוט באַלעבאַטעווען, און אַנדערע, וואָס ווערן אַלעמאָל פריש אַנטפּלעקט — אוצרות וואַסער, וואָס וועלן אָנטרינקען דאָס גאַנצע לאַנד מיט אַזאַ שפע און זעטיקייט, אַז מען וועט אַזש פון וואַסער אויפ־הערן חלומען.

וואַסער גאָר? מיר געדענקען אַלע אַמאָליקע יאָרן אין שטעטל: וואַסער — גאָרנישט! האָט דער ייד מיט דער צעסקריפּעטער קאַראָמיסלע אויף די צעלעכצטע פּלייצעס אָנגעטראָגן „אַמאָל וואַסער” אין צוויי הילצערנע קאַנען און זיי אויסגעגאָסן

אין דעם טוכלע פּעסל ביי דער טיר, האָט מען אָנגעשעפּט אַ פולע קופּערנע קוואָרט מיט צוויי אויערן, געמאַכט „שהכול“ — גאָרנישט. און שבת נאָכן טשאָלנט, אין בית מדרש, צווישן זלידנע זומערדיקע פליגן און דער געלייטערטער לעבנס־חכמה פון פּרק, ווו „שמעיה ואבטליון אומרים“, זאָגן בײדע אינײנעם, און דאָס זאָגעכץ איז שבתדיק־מילד און טשעפּעט נישט מיט קיין שאַרפער הלכה — פלעגן בית־מדרש־בחורים אַרויפצִיען מיט דער גליטשיקער וויאַדרע פון טונקעלן ברונים אַ קאַלטן טרונק, וואָס האָט געשמעקט מיט ערד און מיט זשאַווערדיקער קייט: „אַ מחייה!“ — גאָרנישט. און אַז מ'האָט געבענטשט „גשם“ אין דאַווענען פון די צווייטע טעג סוכות, האָט מען זיך געקוויקט מיט דעם האַרצרייסנדיק־זיסן ניגון, וואָס בעלי מלאכות פלעגן אונטערברומען אַ גאַנצן אָסיען ביז צו די שאַרפע פרעסט — אָבער פאַרן וואַסער אַליין האָט מען אַביסל געציטערט. וואָרום דער דאַך איז צעלעכערט און די שטיוועלעך פון די קינדער דאַרפן אַן אונטערגעניי — און דאָ כליאַפּעט מיט צעבערס אַ צעווייקטער גרויער הימל: וואָס־זשע דאַרף מען עס? אַז די פעלדער זענען סיי ווי גוייִשע און די סעדער מיט ווייניקע עפּל און בלוילעך אָנגעהויכטע פלוימען, וואָס ייִדן „האַלטן“ אין די סליחות־טעג, זענען אַרום און אַרום גוייִשע און די נאַטור, ווייט פון מאַרק און פון בית מדרש, איז דער פלאַץ, ווו שקצים רייצן אָן הינט אויף ייִדן — וואָס־זשע האָב איך פון דער גאַנצער ברכה?

האָט זיך אָבער אין ישראל אַלץ געביטן פון גרונט אויף, דער ייִד און זיין לעבן, זיין גוף און זיין נשמה, דער שבת און דער אינדערוואָכן, די לאַנדשאַפט פון אינעווייניק און פון דרויסן. די פעלדער זענען אונדזערע און אונדזער — די האָרע־וואַניע און די פרייד, און אַז עס טרעפט אַמאָל אַ טריקעניש אָדער עס ברעכט אויס אַ פאַרפלייצונג, קלעמען זיי בײדע אונדז ביים האַרצן: אונדזער גורל. האָבן מיר געוויטיקט אַלע יאָרן דעם צער פון מדבר: ערד און האָפענונג, אָן אַ שמייכל, גרויער סטעפּ און די זון שרפעט, שטיק און ליים און זאַמד, אָן אַ ברעקל שאָטן, אָן אַ טראָפּן וואַסער און קיין מענטש זעט מען כמעט קיינמאָל נישט.

איז דאָ טויזנטער יאָרן נישט געווען קיינער, וואָס זאָל דער ערד עפּעס געבן, וואָס זאָל זי מונטערן און טרייסטן. האָט זי געדאַרפט און געטון רשעות. מאַכט זיך אַמאָל אַן אָנגעכמורעטע מויד, אַ בוגרת, ביי אַ בייזן טאַטן, אַ גביר, אַ קמצן, וואָס גיט נישט קיין נדן און וויל נישט געבן — איז נישט! וועט מען אויף צו להכעיס איינטריקענען און „פאַרזיצן“ אויף בושות און קללות. מדבר איז מדבר. פון סאַמע חומש ביז צום סוף פון אַלע דורות, אויסגעהאַלטן און איינגעשפּאַרט: קללה מיט כאַראַקטער. קיינער האָט צום מדבר קיין שמייכל נישט געטון, אַלע זענען אַנטלאָפן — האָט ער געשרפעט מיט רוגזה, פאַרשרומפּן און פאַרביסן. אפשר איז דאָס „אינטערעסאַנט“ פאַר טוריסטן. זיי יאָגן דאָ זיך פאַרביי און „באַוווּנדערן“

פון די „קרייזלערס" אַרויס דעם נאַטור־פענאָמען. טוריסטן זענען אַבאַנירט אויף ראָמאַנטישע איינדרוקן — כאַפּט מען די איינדרוקן און מען פאָרט ווייטער.

מיר אָבער, ייִדן אין ישראל, מיר מוזן דאָ לעבן און אַרבעטן. דאָס איז דאָס פאָטערלאַנד, ווו מיר האָבן באַנייט די אַלט־ייִדישע העזה צו ווערן ווידער אַ גרויס פאָלק, זאָל זיין: אַ גרויס פאָלק אין אַ קליין לאַנד — דאַרפן מיר דערצו די ברכה פון דער ערד. מיר קענען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו האַלטן אַ מדבר אויף עקזאָטיק. אפשר וועלן מיר איבערלאָזן אַ שטיק ווילסטעניש ווי אַ מאָנומענט — אָבער דער עיקר: דאָ וועלן וואַקסן ברויט און פרייהייט און מענטשלעכער כבוד פאַר מיליאָנען ברידער, וואָס וועלן דאָ בויען ייִדישע שטעט און דערפער, אינדוס־טרי און לאַנדווירטשאַפט. אָט דאָ, אין נגב, באר שבע, אשקלון, סדום און אַרום און אַרום. נאַטור־אוצרות? דער נאַציאָנאַלער הויפּט־אוצר פון אַ לאַנד — האָט אַמאָל געזאָגט חיים וויצמאַן — איז די אינטעליגענץ פון זיין פאָלק — און אין דעם פּרט, דאַכט זיך, זענען מיר נישט אינגאַנצן הינטערשטעליק.

מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט אַ וועלט מיט חכמה, וואָס מיר האָבן צעטרענצלט צווישן פרעמדע רוחות, געמאַכט פרעמדע גרויס און שטאַרק, באַפליגלט זייער גייסט, באַרייכערט זייער עקאָנאָמיק. וועלן מיר איצט אין ישראל פּרוּוון אין זינען האָבן זיך אַליין, אַוועקגעבן דעם ייִדישן פאָלק כאָטש אַ טייל פון דער פלאַמיקער ליבשאַפט, מיט וועלכער מיר האָבן אויסגעדינט אַ סך עבודה־זרהס פון דער „גרוי־סער וועלט". דאָס איז די ערשטע וווּנדערלעכע באַגעגעניש פון דעם צוריקגעקו־מענעם ייִדישן מענטש מיט דער ערד פון מדבר. „אמת מארץ תמצח" — זאָגט דער פּסוק: דער אמת וואַקסט אַרויס פון דער ערד. פאַרוואָסזשע נעמט אים קיינער נישט? ווייל קיינער וויל זיך נישט אַראָפּבייגן טיף צו דער ערד.

היינט בייגט זיך ישראלס יוגנט טיף אַראָפּ צו דער ערד. האָט חברה יונג־וואַרג גענומען גראָבן טיף און נאָך טיפער און געצוווּנגען די נאַטור, זי זאָל אַרויס־געבן אירע סודות. אַוודאי האָבן מיר אַביסל צערודערט די איינגעשטעלטע „אָרדע־נונג" פון מדבר — גיי, פאַרלאָז זיך אויף היינטיקע מדבריות! פאַלט זיי איין אינמיטן דערינען, הייבן זיי גאָר אָן בליִען און אָטעמען מיט פרישקייט. קלאָר: דער גאַנצער ענין גרענעצט זיך מיט וווּנדער — אָבער אָן נסים וועלן מיר נאַטירלעך נישט אויסקומען. מיר האָבן זיי אַריינקאַלקולירט אין נאָרמאַלן בודזשעט פון אונדזער טויזנטיעריקן נאַציאָנאַלן קיום.

צום ערשטן מאָל נאָך טויזנטער יאָרן באַגעגענען זיך דאָ, אויף אונדזער ערד, ייִדישער גייסט און ייִדישע נאַטור — מעגן זיי בײדע עפּעס לערנען איינער ביים אַנדערן. ביז נישט לאַנג זענען זיי געווען שטאַרק פאַרפרעמדט צווישן זיך, און „רייסן בערג" האָט געהייסן: פּלפּול. פלעגט מיין רבי אַמאָל אין שטעטל, אַ ייִד אַ שלאָפער מיט אַ שטאַרקן מוח, אַן עוקר הרים, זיין אַ בריה אויף צונויפפירן אַ

האַרבן מהרש״א מיט אַ פּריקרע מהר״ם — און ער האָט זייביידן אַזוי גרינטלעך געמאַטערט און דערוויטערט פון שׂכל, ביז דער ענין איז „קלאָר" געוואָרן. אגב. זענען אויך אין דער מאָדערנער וועלט פּאַראַנען געגוג בערג־רייסערס — אָבער אָנשטאָט דעם אַלטן מהרש״א און תוספות מאַטערן זיי נייע בראָשורעס.

דאָס איז דער לייכטער גייסט, וואָס קען אַלץ און דערגרייכט גאָרנישט. שווערער איז צו שאַפן אַ לעבן און מאַכן מעגלעך דאָס אוממעגלעכע: וואַסער אין נגב און גערעטעניש אין מדבר. נאָך אַ כזית לעבן... נאָך אַביסל פרייד אויף דער ערד... קריגט אייך נישט, קינדערלעך! עס וועט זיין לעבן פאַר אַלעמען. דאָס איז דער לעבעדיקער סינטעז פון גייסט און נאַטור אין ישראל — און דער מענטש אינמיטן: דער ייִדישער מענטש.

# ביים ים־סוף

דאָס איז צוקונפט אַליין, זי פּערזענלעך — לאָז זיי! אָט איז אילת: פּלענער, רושטאָוואַניעס, כלים, בולדאָזער און טראַקטאָר, גערודער, גלויבן און העזה. אַ הילצערנע „כאַטקע" ביים „פּאָרט". נאָך אַ כאַטקע, צעדרינזשעטע דזשיפּס אויף האַרטער ערד, וואָס גליט מיט ווייסן קאַלכשטויב, און עלעקטרישע לעמפּלעך אין די בערג פון אדום און צו דעם אַלעמען — דאָס ביסל יונגע לייט אונדזערע, פון יענע יונגע לייט — לאָז זיי! איינער איז דאָ, הייסט ער אברהם — גענוג! אויף מער האָט ער קיין צייט נישט. דאָס פּנים גימנאַסטיש, פּרי צעקנייטשט און ליכטיק, און די וואָנסעלעך פון יונגן שטרוי, שטעכיק און ווייך, און אפשר גאָר ווי פּוכקע פּעדערן פון אַ פייגעלע, ערב־וואָנסעלעך בסך הכל, יאַ און ניין, און די אַקסלען ייִנגליש־שמאָל, שניידן זיך פּאַמעלעך אויף פּלייצעס; שפּעטער — איז ער אַן אייגע־נער מענטש אין מדבר. ער פּאָרעט זיך דאָ, אין אילת, מיט מאַשינדלעך, מיקראָס־קאָפּן, מעסט־אַפּאַראַטן, וועגט און טראַכט און יאָגט ווייטער — לאָז אים! מיש דיך נישט, דו מיט דעם באַלעבאַטישן שכל הישר און מיט די „וויסנשאַפטלעכע אַנאַ־לאָגיעס" דיינע און דו מיט דעם גיכן טוריסטישן קוק — מ׳ווייסט שוין.

דאָס איז דער ווונדער אַליין — און ער האָט צו זיך קיינמאָל קיין גלייכן נישט. ביי אים איז אַלעמאָל דאָס ערשטע מאָל. אפשר האָט דער יונגער אברהם אין אילת זיינע סודות מיט דער נאַטור און זי מיט אירע קאַפּריזן האָט דווקא אים אויסגעזאָגט, ווו די אוצרות ליגן באַהאַלטן, שטיינדלעך אַזעלכע, פּאָספּאַטן, מעטאַלן ייִנגלישע שמאָכטעס דאָרט, וואָס שמעקן מיט מיסטעריע — וואָס אַרט אייך! און אפשר האָט דאָ חברה בכלל אַ שטילן הסכם מיט דער נאַטור, אין אילת ביים ים סוף, פּונקט ווי פריִער אין די זומפּן פון עמק און שפּעטער אין די שווערע סכנות פון דער באַ־פרייונג־מלחמה — וואָס־זשע, זי קען נישט באַשטיין, די נאַטור, אַוועקצוקוקן אַ רגע פון איר אָנגעכמורעטער „אָרדנונג" און פון די „נאַטור־געזעצן" און זאָלן ייִדן אַריינכאַפּן אַ נייעם ווונדער ביים ים סוף, אַ פרישן נס אין דער זאַנג פון אוראַלטע ייִדישע נסים: זי ווייסט בדלות ווערן, די נאַטור?

ביז נישט לאַנג איז די גאַנצע געגנט אַרום און אַרום געווען אײן אומענדלעכע בײַזע שטומקייט, פאַרקלעמט און פאַרביסן, מיט צעריסענע ברוגזע בערג און פאַר־קאַוועטע טאָלן און די ערד — האָפנונגסלאָז און דער הימל דערלאַנגט אַלעמאָל מער טריקעניש, נאָך און נאָך, שיט מיט פײַער און שילט: אַז ער דאַרף גאָר אינגאַנצן נישט די בערג פון אדום — מוחל! ווערט זיין, הייסט עס, אַ וועלט אָן „אום־ראשראש" — ווער געדענקט נאָך בכלל דעם אַמאָליקן אַראַבישן נאָמען פון אילת!

היינט פלי איך אַהער מיט דעם עראָפּלאַן „ארקיע" פון „ערגעץ אין דרום": איז דער הימל ראָזעווע וואַטע און גערונענער גאַרנישט, וואָס קלויצעט זיך נאָך אַלץ זייט דעם חומשדיקן תוהו ובוהו און איז נאָך נישט פאַרטיק — און אחוץ דעם הימל — צעלאָזענע מדבר־ווינטעלעך, וואָס שפּילן זיך מיטן זאַמד און קרייזלען זיין ווייסע געלקייט. איז דאָס געטוג? לאָזט זיך אַראָפּ דער עראָפּלאַן, וואָס העצקעט איבן מיט מענטשן און פּעקלעך — איז דערווייל אַ היימישלעך איינפאַר־הויז, ברייטלעך און פלאַטשיק, דערלאַנגט אַ טרונק און אַנטלייט אַביסל שאָטן און באַנייט די אַלטע הכנסת־אורחים־טראַדיציע פון אברהם אָבינו אין נגב: דאָס איז אילת. און אָט לייכט אויף אַ דעכל אַ פענדל פון מדינת ישראל: דאָ איז די פּאָסט. דער באַראַק נעמט צו אַ בריוו און דרימלט ווייטער. באַלד וועט זיין נאָך אַ בריוו. אָבער פּלוצים בלישטשעט אַריין דורך פענצטער און טיר דער ים סוף, שפּאָגל־ניי אַרויס פון חומש, פון העל־צעקלונגענעם „אז ישיר" אין מיכל זעלדעס אַמאָליקן חדר, אינגאַנצן נישט באַנוצט זינט משה רבינוס יציאת מצרים. — צי קענען מיר, אַן אַרים פאָלק, זיך פאַרגינען צו האַלטן אַ ים אויף יום טוב? צי איז נישט געקומען די צייט, טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר דעם ים סוף, וואָס האָט ברעגעס ערגעץ אין ווייטע לענדער: אַ ים אין די יאָרן!

דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך ניט געריכט אויף אים דאָ, אין סאַמע מדבר. גיי, גלויב דער געאָגראַפיע! גיט ער מיט אַמאָל אַ פינקל פאַר דיינע מדבר־מידע אויגן מיט אַ בליץ־בלויען בראשית־גלאַנץ, בלוי און גרין און „סמאַראַגדיש" אויך, ווי זיי זאָגן — דאַכט זיך, וואָכעדיקע ימים, וואָס זענען מער אין געברויך, ניצן גאָר קיינמאָל נישט אַזעלכע לייכטנדיקע פאַרבן. איז אָבער דער ים סוף אַ פּסחדיקער ים, וואָס האָט זיך ביז איצט געהאַלטן אין רעזערוו און איצט איז ער „אַהיימגעקומען" קיין ישראל, גלייך מיט אַלץ און מיט אַלעמען, איניינעם מיט די שבטים און מיט די חלומות, מיט אוצרות בענקשאַפט און מיט דער שיינקייט פון תנכישן געדראַנג און מיט דער צעזונגענער פרייד פון בויען אַ היים פאַר אַ סך גלותן און פאַר אַלע דורות, פאַר די יאַרטויזנטער, וואָס קומען אַרויף פון זייער פאַרזונקענקייט, און פאַר דעם צעבראָכענעם היינט.

שטראַלט דער ים סוף צו די בערג פון אדום, בערג צווישן בערגלעך און אויף די בערגלעך וואַקסן פּלוצים אויס נאָך בערג, אַלע בלווילעך־גרויע און ברוין־פיאָ־

לעטע, אחוץ קופּער־גרינע און רויטלעכע און אַנדערע, וואָס באַהאַלטן די פאַרב און שטייען דאָ „איגנאָנצן פּונעדרוויטנס". לאַשטשעט דער ים די ברעגעס און די גרודעס און שפּילט זיך מיט די שיפלעך פון חברה פישערס: יונגוואַרג האַלב־נאַקעט און ברוין, מיט גלאַנץ פון האָרעוואַניע, נישט אויסגעגאָלטע וואָנסעס, מיט בערדלעך ווי פאַרשטויבטער דראָט.

זינגט אויס די חברה פולע העלע נעכט מיט שטערן און חלוצישע לידער: „יונגען" פון סאַלאָניקי און איינער אַ גאָלדגרעבער פון ראָדעזיע, ים־וועלף פון נאָרוועגיע און מעכאַניקער פון ענגלאַנד און אַרגענטינע און לאָדזשער, געוויינטלעך זענען אויך דאָ. און איינער גאָר פון וויטנס האָט צו טון מיט קופּער און מיט האַרבן העברעיִשן דקדוק, וואָס לאָזט זיך שווער „איינברעכן". שטייט אַ רעדל „אַמעריקאַנער", פאַפקעט שאַרפע מאַכאָרקע און מייסטרעוועט ביי אַ קעסל, קומט צו אַ בחור פון סלאָוואַקיע און איינער פון וויטעבסק, לאַנג און נאָך העכער, גייט אַרום ווי אויף אַ דאַך און וויל דווקא אויסגלייכן אין אילת מאַרק שאַגאַלס געניאַלע קרומעניש. שרויפט און זעגט אַ האָרעפּאַשניק פון בעסאַראַביע, פאַרליבט אין מלכה שבא און שלמה המלך, און צווייִ האָבן אויסגעברענטע צייכנס פון אוישוויץ — און אַלע איינייִנעם זענען נאָענט און היימיש מיט דער רויער שטאַרקער שיינקייט פון אילת, פון די בערג, וואָס קוקן אַרויס פון ים סוף.

און אַז חברה רופט, קומען די פיש פון ים אַרויס, שטעלן אויף אין דער הויך צעשויבערט־קופּערנע בערשטל־וואָנסעס און פליוסקען ווידער צוריק אין ים אַריין. דאָס זענען פיש אויסטערלישע, אומגעלומפּערטע און אַביסל פאַרחידושטע — וואָס טוען דאָ פּלוצים אַזוי פיל יידן ביים ים סוף? — פיש געמאָסטן אויף די מעטערס און געוויגן אויף צענטנערס, פיש ווי די בערג: מ'עט זשאַלעווען? לאַנגע דורות האָבן מיר די פיש נישט געטשעפּעט — האָבן זיי אפשר געוואַרט אויף אונדז. און געוואַרט האָבן מיסתמאָ די בערג און די טאָלן. די וועלט, שמועסט מען, האַלט נאָך אַלץ ביים סאַמע אָנהויב. מיר האָבן אַמאָל באַקומען אַן אַוואַנס אויף אַ וועלט און איינגערעדט האָט מען אונדז, אַז זי איז אַ געראָטענע — ווייס איך נאָך אַלץ נישט אַקוראַט, ווי האַלט עס מיט איר שלימות. אָבער אוודאי איז כדאי צוצולייגן אַ האַנט און העלפן דער נאַטור דאָ, דערגרונטעווען זיך צו אירע אייגענע אוצרות. ווי לאַנג איז דער שיעור, צו לאָזן פּוסטעווען אַזעלכע גבורהדיקע בערג? מירן כאָווען בערג אויף „שיינקייט", פאַר „מאַלערישן הינטערגרונט"?

האָט מען זיך איצט אַ נעם געטון צו זיי און עס גייט אַ סדרה „פּיתוח": אַנטוויקלען דאָס לאַנד. אַזוי האָט מען זיך פאַרנומען אין ישראל אויף אַנדערע זאַכן אויך. איצט האַלטן מיר ביי געאָלאָגיע — און עקשנים זענען מיר נאָך אַלץ, היינט אַזוי ווי פאַרצייטנס. שטיפט שוין טאַקע ערגעץ אין דער גרויער טריקעניש דער ערשטער שפּראָץ פון אַ גרינער פלאַנץ, וואָס ווייסט נאָך אַליין נישט, יאָ צי ניין,

## מ. גראָס־צימערמאַן

און אין סאַמע מיטן זאַלץ און שטיין און ליים און פאַרהאַרטעוועטן גאָרנישט מישט זיך שוין לייכט אַריין לויטערע, אומזיכערע אור־צאַרטקייט, וואָס האַלט באַלד אין ווערן בלומען־דופט: אָט־אָט... און אַרום און אַרום הייבט אָן זינגען די נייע ערד. בלעזן רויזן און קינדערלעך אין פרישע שטיבלעך, וואָס וואַקסן אויס ביים ים און אין די בערג און יעדן טאָג, וואָס הייבט זיך אַרויס פון ים סוף, קומט צו אַ קליין שטיקל לעבן אין אילת. נאָך אַ שטיקל. דאָס איז אילת, פאַרגעסענער אַמאָל — און איצט איינגאַנצן צוקונפט, לייכטנדיקער מאָרגן, וואָס האָט זיך געפעדערט און אָנגעהויבן שוין היינט: וואָס וועט מען וואַרטן?

# אָוונט אין באַר שבֿע

אָט איז באר שבע, די חומשדיקע רעזידענץ פון אברהם אבינו. דער אויטאָ דייסט זיך אויף אַ שמאָלן שאָסיי צווישן ווייסע זאַמד־סטעפּעס, געקאַרבטע פון לייכטע לויפנדיקע אָוונט־ווינטלעך. איך בין אָנגעקומען אין שטאָט פאַרנאַכט און האָב זיך אַרומגעדרייט איינער אַליין, ווי אין אַ היימלעכער פרשה חומש. הויך אויבן, אין קילן גרינטלעכן קרישטאָל, צעצינדן זיך בלייכע ציטעריקע פונקען גאָלד, נאָך עטלעכע, און באַלד נאָך און נאָך, אָן אַ שיעור. אויף דעם דאָזיקן אָרט, דאַכט זיך, האָבן מיר צום ערשטן מאָל אין אונדזער פאָלקס־לעבן דערזען שטערן אין הימל. זיי האָבן דעמאָלט געזאָלט זיין אַ משל צו דער ברכה, וואָס האָט געוואַרט אויף אונדז: „ווי די שטערן אין הימל" — וואָס־זשע איז געוואָרן פון דעם צוזאָג?

פאַמעלעכע פאַטריאַרכאַלישע קעמלען, ווי גייענדיקע בערגלעך געלער סאַמעט, שפּרייטן ווייכע שטילקייט, ווי אין דער מאַמעס טייטש־חומש. זיי גייען זיך זייער וועג און קוקן זיך גאָרנישט אום אויף די פאַריאָגטע פאַרשטויבטע דזשיפּס, וואָס טראַסקען איבער שטיינערדיקן שאָסיי. פליִען פאַרביי אין די דזשיפּס שמאָלע, שמייכלענדיקע ייִנגלישע פּנימער, צעשטאָכענע פון שווערע סאָלדאַטישע וואָנסעס. וואָס „דינען" דאָ נאָר פון חשיבות וועגן. די דאָזיקע ייִנגלעך, נאָר וואָס אַרויס פון מאַמעשע שטיבער, פון שולן און וואַרשטאַטן, פון יוגנט־קלובן און שפּיל־פּלעצער, האָבן ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געפירט מלחמה דאָ, אויף די זאַמדן, קעגן שטאַרקע אַראַבישע אַרמייען און כמעט מיט ליידיקע הענט באַזיגט דעם שונא. אַ סך קינדעריש בלוט האָבן די זאַמדן איינגעזאַפּט. איצט פירן די ייִנגלעך מלחמה מיט דעם שטומען, ליידיקן מדבר: געגנוג עקזאָטיק פאַר טוריסטן; — מאַכט אַ וואַרע פאַר דעם שווערן ייִדישן לעבן, וואָס בויט זיין היים אויף די סטעפּעס פון מדבר.

שלעפּן זיך איבער שטאָט און סביבה אומגעלומפּערטע לאַסטוועגענער, באַלאָדן מיט מענטשן, געהילץ, אייזן, צעמענט: באר שבע איז די פּראָווינציאַל־הויפּטשטאָט פון נגב. בולדאָזערס טאַראַראַמעווען און רושטאָוואַניעס דראַפּען זיך אין דער הויך. אַלץ איז דערווייל נאָך אָנגעוואָרפן אָן אַ טאָלק: רערן, דראָטן, שטאַבעס, מאַשינען.

אַרום און אַרום — פאַרקאַשערטע אַרבל און פּלייצעס, וואָס שפּאַרן אונטער, ווי מען דאַרף, עס וואַקסן שטיבער און וואַרשטאַטן, אַ שול, אַן אַמבולאַטאָריע און דאָ און דאָרט — פאַבריקל. די שטאָט איז צעגראָבן, דרייט זיך צווישן אויפגעשאָטענע בערגלעך. מען ציט אַריין וואַסער און ליכט. צווישן ליאַרעמדיקע אויטאָמאָבילן פּלאָנטערן זיך באַלאָדענע אייזעלעך. זיי דרייען זיך דאָ מסתמא נאָך פון בלעמס צייטן, באַדאַרפט אים אַמאָל „העלפן" שילטן ישראל — ערשטע פּרימיטיווע קללה־אָנפאַנגערס, וואָס האָבן זיך „אַנטוויקלט", זענען זיך צעוואַקסן אין משך פון די דורות און געוואָרן דערנאָך אַ וועלט־מאַכט מיט די סאַמע נייסטע מכשירים פון קללה־טעכניק. היינט טראָגן די אייגענע אייזעלעך פון חומש שטיינער און צעמענט צום בנין.

טראָגן זיך בלוילעכע אָוונט־ווינטלעך פון די נאָענטע געלע גערשטן־פעלדער, וואָס רוישן שטיל הינטער דער שטאָט. גערשטן איז אַן אַלטע תנכישע תבואה. קען זיין, אַז דאָס איז דער אייגענער גערשטן, פון וועלכן די באָבע שרה מיט אירע דינסטן פלעגן באַקן גרויסע פלאַם־פלעץ פאַר די מאַנסבילן פון דער סדרה, די שטאַרקסטע אַכלערס. זיי זענען געווען פאַריאָגטע יידן, די אבות, געפּאָרעט זיך אַלע יאָרן מיט שאָף און רינדער און קנעכט און דינסטן, מיט קעבסווייבער און שכנים, געזוכט פּאַשע און געפונען גאָט, מיט וועלכן מען האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געטראָפן דעמאָלט צום ערשטן מאָל, טאַקע דאָ, אין גאָטס פעלדער, אין שכנות פון באר שבע. איז דאָס געווען אַ שווערע, גורלדיקע באַגעגעניש מיט דעם אַלמעכטיקן און מיט זיינע מלאכים, וואָס זענען דאָ געוואָרן היימישע איינגייערס ביי די אבות, געקומען נאָר „אַזוי" און שוין געבליבן אויף אַלע אייביקייטן. זיי פלעגן זיך אַוועקזעצן ברייטלעך פאַר די געצעלטן, אונטערלינען זיך דאָס האַרץ מיט אַ זייטל שאָפּנס און זויערמילך פון דער מאַקערטע און זיך מישן אין שטוב־זאַכן, אין באַבסקע סגולות, אין הימלישע פּליאָטקעס, אין באַלעבאַטישקייט און שידוכים פאַר הויזגעזינט.

דאָס איז געווען באר שבע אַמאָל־אַמאָל, אין וויטן, בלויען פאַרצייטנס, ווען יצחק האָט געגראָבן די זיבן ברונימער פון באר שבע, פון וועלכע צוויי גיבן וואַסער נאָך ביי היינטיקן טאָג. און דערנאָך האָבן דאָ געוואָגלט בעדויִנישע שבטים און מדבר־שייכן מיט זייערע קאַראַוואַנעס און די שטאָט פון די אבות איז צעשאָטן געוואָרן אין עטלעכע מיסטיקע בערגלעך און גריבער: טריקעניש, טראַכאָם, פינצטערניש און אָרעמקייט. נאָך אין דער צייט פון דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט אין ארץ ישראל, אינגאַנצן מיט אַכט יאָר צוריק, האָט באר שבע נישט פאַרמאָגט מער ווי צוויי דרימלענדיקע קויטיקע געסלעך, מיט עטלעכע ליימיקע כאַטקעס, וואָס האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ וואַרשטאַט, ווו מ'אַרבעט נישט, אָדער אַ קרעמל, ווו מ'פאַרקויפט גאָרנישט, און אַרום און אַרום האָבן מדבר־ווינטן אָנגעיאָגט צעגליטע

זאַמדן און ווייסע אַש־כמאַרעס פון אויסגעברענטע אור־פייערן, וואָס נאָגן ביים האַרצן מיט זייער זלידנער רויכיקייט. דאָ האָבן געראַיעט נאַקעטע קינדער, שמאַטעס, באַצילן און בלינדע בעטלערס, וואָס זייערע טרוקענע הענט פלעגן זיך אַליין שטרעקן צום שטומען גאַרנישט און אַזוי הענגען לאַנגע דורות. די דאָזיקע הימלשווייגנדיקע פאַרשרפעטע ליידיקייט האָט זיך פאַרמאָסטן צו געוועלטיקן דאָ, נאָך טויזנטער יאָרן מיט שווערער קללה־קלעמעניש.

און איצט גיי איך אין אָוונט איבער די היימישע גאַסן פון דער באַנייטער אוראַלטער באר שבע, וואָס האַלט זיך אין איין וועקן, יאָגט זיך אַליין אונטער: שטיי נישט! גייען מענטשן אַהיים פון דער אַרבעט און אַנדערע גייען „אַזוי זיך". גייט אַהיים אַ פּאַסטעך פון די פעלדער: שאָף און שטעקן און געזאַנג, וואָס נאָגט מיט אָוונטלעכער פאַרבענקטקייט. און אָט איז נאָך אַ פּאַסטעך און נאָך איינער; — זאָלן זיי נאָך אַלץ זיין די פּאַסטעכער פון אברהם אבינו, וואָס דאַרפן זיך אפשר באַלד נעמען קריגן ביי די ברונימער, אָט דאָ, הינטער דעם נייעם קינאָ, ווו מען ווייזט איצט טשאַרלי טשאַפּלינס „ליכטער פון דער שטאָט"? די פּאַסטעכער זענען פּראָסטע רומענישע ייִדן. נייע עולים פון יאַס און קישינעוו, וואָס שניידן זיך אויף פּויערים און די בורנוסן און די אויסטערלישע טורבאַנען זענען סתם אימפּראָוויזירט אָנטועכץ, אַן אָנשטעל פון בילדערישע „קאָסטיומען". די ייִדן רעדן אַ ברייטן מאָלדאָוואַנישן ייִדיש מיט פאַרשטויבטע באַראַנעס, וואָס זענען דאָ געבליבן נאָך ערגעץ פון דער עקידה און מעקען פונקט ווי פאַרצייטנס. אין דער היים וואַרטן אויף די ייִדן שטיבלעך איינגעאָרדנטע מיט שטובזאַכן, וואָס סקריפּען פון נייקייט און פשטות, מיט קינדערלעך, וואָס פאַרגעסן שפּילעוודיק די פינצטערע יאָרן און ווערן ווידער יונג און לייכט און ליכטיק, נאָך דער שווערער אָפּגרונטיקער עלטער, און אַ פּרוי, וואָס גרייט, אויף דעם גראָבן נישט־געהובליעטן טיש, גרויסע ערדענע שיסלען פּיראַמידן און געקאָכטע מאַמעליגע, אייער, מילך און געבאַקענעם מאלאי און זאַטע רו פון אַ משפּחה אַרום טיש. מסתמא האָבן זיך די ייִדן מיט עטלעכע יאָרן צוריק נאָך געדרייט אַרום דער רויטער בריק ערגעץ אין יאַס, צי אין אַן אַנדער אָרט, געכאַפּט גרינגע פאַרדינסטן און שווערע אומגליקן. היינט זענען זיי פון יאַס, איניינעם מיט ייִדן פון אַנדערע שטעט און לענדער, צוריקגעקומען אין דער אַלטער כישופדיקער חומש־לאַנדשאַפט, פון וועלכער זיי האָבן זיך אַמאָל־אַמאָל געהאַט אַרויסגעלאָזט איבער די מדבריות פון דער וועלט. וואָס־זשע האָבן געטויגט די וויטע־ווייטיקדיקע אומוועגן פון באר שבע קיין יאַס און ווידער צוריק? וויפל צייט האָבן מיר פאַרלוירן אין דעם וואָגל? און וויפל ייִדן האָבן מיר פאַרלוירן?

פאַרבעט מיך אויף אַ שמועס דער בירגערמייסטער פון באר שבע, דוד טוביהו. דאָס איז אַ ייִד פון גאַליציע, שוין לאַנגע יאָרן אין לאַנד. פון פאַך איז ה' טוביהו אַ בוי־אַרבעטער, פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין האַרעוואַניע, געוווינט צו

טראָגן אַן עול, זיך אַן עצה געבן מיט פּראָבלעמען, שאַפן אַרבעט בייטאָג און האַלטן שמירה ביינאַכט, געווינט אָפּצוטון אַ זאַך און גיין ווייטער, לייגן פונדאַמענטן און שטעלן אַ בנין: אַליין אַ שטיק מענטשלעכער פונדאַמענט פון דעם לעבן, וואָס בויט זיך אין באר שבע און אין גאַנצן לאַנד. איך זיץ מיט דעם בירגערמייסטער אין זיין קליינעם ביוראָ, אונטער דער הויכער טונקעלער סקלעפּיניע פון פאַרלאָזענעם אַראַבישן מעטשעט, ווו ווילדע מדבר־דערווישן פלעגן נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק העשען פייער און קללות און מעסערשטעכיקע „תפילות" קעגן ייִדן, וואָס דאַרפן איינס ווי איינס אָפּגעשאָכטן ווערן, אָדער אַריינגעוואָרפן ווערן אין ים.

קללות מאַנגלען נישט די אַראַבער און פאַנטאַזיע אויך נישט. היינט זענען אין באר שבע פאַראַנען גאָר ווינציק אַראַבער. מען האָט אין דעם לײדיקן מעטשעט איינגעאָרדנט אַ מוזיי. די שטאָט פאַרנעמט זיך אויף גיכן וווקס. זי וויל און מוז ווערן אַ צענטער פון אַרבעט און אַ לעבעדיקע היים פאַר מענטשן, וואָס האָבן נישט ווו צו גיין. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָ קיין איין ייִד נישט געווען און קיין לעבן אויך נישט. איצט רופט דער ייִדישער נגב און עס צעבליִען זיך קרעפטיקע דערפער, ווו בחורים און מיידלעך פון קאַנאַדע און בולגאַריע, פון אַרגענטינע, אונגאַרן און פראַנקרייך, תימן און אויסטראַליע האָבן זיך פאַרעקשנט צו לייגן יסודות פון אַ נייער ייִדישער ציוויליזאַציע אין ישראל, אויף די אייגענע פעלדער, ווו אברהם אבינו האָט אַמאָל געהאַט געפּראָוועט פּרימיטיווע פּאַטריאַרכאַלישע באַלעבאַטיש־קייט און נישט איבעריק מצליח געווען. אונדזער חברה חלוצישע יונגוואַרג האָט מער געדולד און אפשר אויך מער התמדה ווי אברהם אבינו האָט געהאַט פאַרצייטנס און, דעם אמת מוז מען זאָגן: אויך מער טעכנישע מעגלעכקייטן. און זיי לערנען אַרבעטן אויך די ייִדן פון אינדיע און טריפּאָלי, אַפגאַניסטאַן און בבל.

לעבן ביי היינטיקן טאָג אין באר שבע צוואַנציק טויזנט ייִדן און מען פּלאַנירט, אַז די שטאָט זאָל באַקומען אינגיכן אַ באַפעלקערונג פון דרייסיק טויזנט און מער. די דאָרפישע באַלעבאַטישקייט באַקומט ביסלעכווייז אַלץ מער וואַסער און פאַשע און די הינער „ווינען" אין הרחבהדיקע הייזער, וואָס נאָר פון פּיעטעט וועגן רופט מען זיי נאָך אַלץ „לול". און איינעם אַ שטאַל האָב איך געזען אין אַ דאָרפישן קאָאָפּעראַטיוו פון באר שבע: אַ ברייטער לופטיקער בנין, מיט אַ היפשער מחנה קי און קעלבער און מיט איינעם אַ בוהיי, אַ סאַברע, יונג און פאַרשייט און אַ כוח־גבראַניק אַ מזיק, וואָס האַלט אין איין פאַרגרעסערן די משפחה און מיט וועלכן מען וואָלט, דאַכט זיך, קיין בושות נישט איינגענומען צווישן די סאַמע ראַסן־ריינסטע בוהייעס פון דער וועלט.

דאָס איז באר שבע אַליין. און באַלד הינטער דער שטאָט און אַרום איר הייבן אָן „טומלען" די בערג. האָט דער חומש אַמאָל געהאַט צוגעזאָגט אונדזערע זיידעס, אַז פון די בערג האַקט מען קופּער און אייזן פון די שטיינער, זענען מיר געקומען

באַנייונג: טאָטאַלער ישראלס פון פענאָמען דער איז דאָס אוצרות. די אָפּנעמען
די אויף באַקומען חרטה אויך האָט אַליין ערד די זיך, דאַכט לאַנדשאַפט. און מענטש
דעם אין זיך באַגעגענען טון, תשובה אָן הייבט זי און יאָרטויזנטער פאַרלוירענע
אברהם זיכער: בין איך און — מאָרגן. קומענדיקער און אָנהייב ווייטער ווונדער
דערקענט. נישט שבע באר זיין וואָלט אַליין אבינו

# דער זיידע

קען איך איינעם אַן אַלטיטשקן צווישן די בייע עולים: אונדזער אַלעמענס זיידע. זיידעס, האַלט איך, וואָלט מען אין דעם היינטיקן לעבנס־מאַנגל, פון וועלכן מיר האָבן אַזאַ שפע, געמעגט ניצן אַביסל „עקאָנאָמישער“. מ׳האָט עפּעס אָנגעגרייט זיידעס פאַרן יעדן באַזונדער? נישט מער ווי אויסברענגערײַ אין אַ לאַנד פון „צנע“. נאָך אַלעמען: מיין זיידע, צי דיינער — מען קען אים ליב האָבן בשותפות.

און אָט שטייט ער דאָ צווישן אונדז: אַ דריבנע ייִדעלע און דאָס פּנים — איין ליכטיקער שמייכל. עפּעס שטראַלט פון דעם אַלטיטשקן מיט געלייטערטן צער און ער האַלט איצט פּונקט אין מיטן מאריך ימים זיין. אריכת ימים איז אַ „פּאַך“ ביי זיידעס. אָנגעהויבן מיט אַ צייט צוריק מאריך ימים זיין, זעט ער, עס „גייט“. אפשר האָט מען פון אויבן, אין דעם צערודערטן תוהו ובוהו, פאַרגעסן אין אים — וועט ער גיין דערמאַנען? לעבט ער זיך אַזוי, דער זיידע, אין איינער אַ שכונה פון תל־אביב: אַ פריילעכער גאָרנישט — האָט נישט און דאַרף נישט. נאָר גבירים, טענהט ער, זענען פאַרהאַוועט און פאַרכמורעט, פאַרגינען זיך קיין שמייכל נישט, האָבן קיין צייט נישט צו לעבן. ער, אָבער, האַלט שוין נאָך אַלעמען, נאָכן פאַרמעג און נאָך דער מרה שחורה, נאָכן כבוד און נאָך די בזיונות, נאָך די „גליקן“ און נאָכן אומגליק, צוריק פון יאַריד. און די נאַכט איז צוגעפאַלן און ער איז איינער אַליין — אינגאַנצן אַ צעבראָכענער, פאַרטריקנטער, אַרומגעהאַקטער בוים, זיידע אָן אייניקלעך, מיטלפּונקט, פון וועלכן עס האָט זיך אָפּגעטראָגן דער היקף.

געווען אַמאָל — איי, געווען... געווען אַמאָל — צעשמועסט זיך דער זיידע. האָט די וועלט־געשיכטע געהוליעט אויף זיין חשבון און געוואָרפן דעם זיידן פון לעמבערג קיין ווילנע, קיין אוזבעקיסטאַן, שאַנכאַי, פּאָרטוגאַל, פּאַריז, תל אביב — און געראַטעוועט פון דער וועלט־שרפה האָט ער בלויז דאָס בידנע שטיקל לעבן. — אויך גוט! האָט ער צייט צו דערמאַנען זיך: „איי, איז ער געווען אַמאָל...“ און וואָס איז ער נישט געווען? ...דאָס שטעטל אין גאַליציע איז געווען אַ ייִדישע מלוכה און פראַנץ־יאָזעף מיט די צוויי האַלבע זיידענע באַקנבערד האָט געקיניגט מיט חסד

און פלעגט פאָרן ווי אַ למד־וואָווניק צום טשאַרטקאָווער רבין. האָבן ייִדן געהאַלטן, אַז דער קייסער איז „מחויב אַרויסצוקומען פון דוד המלך. וואָס דען, אַ גוי וועט ער זיין? איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ גזירה אין לאַנד, האָט דעם זיידנס זיידע אָנגעטון די אַטלאַסענע בעקעשע און דעם סויבלענעם ספּאָדיק, צעקעמט די שיינע באָרד און איז אַריינגעפאָרן אויף אַן אוידיענץ צו „זיין מאַיעסטעט" קיין ווין. האָט ער דאָרט רחבותדיק צעשפּרייט די אַטלאַסענע פּאָלעס, איז געפאַלן צו די פיס, דערלאַנגט אַ פאַרמעטענע מגילה — און די גזירה איז בטל געוואָרן.

קעגן וואָס־זשע איז צו רייד געקומען? נו, היינט איז מען אַ נייער עולה. אויך גוט. ער האָט געהאַט אַמאָל נאַפט־גרובנס אין באָריסלאַוו און אַ שיף אין טריעסט; הייזער אין ווין און אין לעמבערג און אַקציעס אין פּאַריז און אין ציריך. איז געקומען האַרבסט 1939: איבערן אַ הימל מיט נאַציס און באָמבעס און אונטן אָנגעשטאָפּטע שאָסייען מיט צעטרעטענע מענטשן, מיט פּחדים און יאָגעניש. רייסט דער שטורעם ווייטער און ווייטער, אין אויפגעבאָכטע פּורלעך, נעכט און גרענעצן. דריי זין אין דער אַרמיי און צוויי טעכטער מיט אים און אַ גוססדיק אייניקל אין די אָרעמס. און ווייטער געיאָגט אויף האַרבסטיקע שליאַכן, אַהין און צוריק, רעגנס, שניי און פרעסט; וואָכן, חדשים, תּפיסות און לאַגערן. ווילנע, מאָסקווע, אוזבעקיסטאַן. הונגער און אומקום, טאַיגעס, שאַנכאַי, פּאָרטוגאַל, פּאַריז, תּל־אביב. דווקא אים, אויף אַ „שפּיצל", האָט זיך דער גורל אויסגעזוכט צו דערהאַלטן ביים לעבן: אַ „חכמה..."

כאַפּט מיך נישט לאַנג אַ רעגן שפּעט ביינאַכט, אין צפון תּל אביב, ווייט ביים האַפן, און איך שטעל מיך אַוועק איבערוואַרטן ערגעץ־ערגעץ, אונטער עפּעס. שניידן זיך דורכן זאַמד נייע גאַסן און געסלעך, מיט נעמען פון דער הפּטורה, פון נביאים און תּנאים. נישט ווייט איז דער ווילנער גאון און לינקס דאָס געסל פון שמעיה ואבטליון. און עס דראַפּען זיך אין דער הויך סקעלעטן פון פרישע בנינים. שטייט אַן אַלטיטשקער, אַריינגעשטעלט אין אַ פּאָר הויכע שטיוואַלעס, וואָס זענען כולו נאַכט, איינגעהאַלטן אין עטלעכע גראָבע בורקעס. אויפן קאָפּ — אַ „טורבאַן", געוויקלט פון שאַליקעס, שטייט מיט אַ פאַרקאָפּטשעטן לאַמטערן אין האַנט און פּראַווועט נאַכטוועכטער. אַזוי האָט אַמאָל געסטראַזשעוועט אין אונדזערע פרעמדע „היימישע" שטעט און שטעטלעך איינער אַ מיכאַלקע מיט קוטשמע און שטעקן און שטריק אויף די לענדן און אַ פלאַש וואָדקע אין פּאַזוכע און אַ נאַכט פול מיט גנבות — אַליין געהיטן, אַליין געגנבעט: מ'עט זיך פאַרלאָזן אויף פרעמדע הענט?

אָבער דאָ, אין תּל אביב, שטייט אונדזער אַלטיטשקער מיט דער פלייצע צום ים, אין אַ שטורעמדיקן רעגן־געפלייץ, שטייט איינער אַליין אין דער נאַכט, אַליין אַ שטיק פון דעם צאַפּלדיקן בוי־מאַטעריאַל אין אונדזער פאַרהאַרעוועטן לאַנד: ייִדן און נאָך ייִדן, צעמענט און אייזן און אויפּטועריש פרייד, געהילץ און ציגל און אימפּעט. דאַרף מען אים אויך, דעם זיידן? אוודאי דאַרף מען אים, אים און אַלעמען.

זיינע געטרייע אַלטע הענט און זיין יונג האַרץ. שטייט דער אַלטיטשקער און לאַשטשעט מיט די אויגן די נייע בנינים, וואָס וואַקסן אונטער דער האַנט: זיינע בנינים. ער האָט הנאה פון די ייִדן, וואָס ווערן זיך דאָ אַריינצוזען; פון די אַרבעטער, וואָס פאַרדינען ברויט, פון די בעלי בתים, וואָס דערלייגן עמעצנס ירושה און בויען נאָך הייזער. ער האָט הנאה פון דעם נאָענטן ים, וואָס קאָכט זיך, זאָל ער מוחל זיין, מאָדערניסטישע מאָלערס און אינטערנאַציאָנאַלע באָקס־מייסטערס, פּראָפעסאָרן, דעם גאַנצן אַרום און אַרום: שטאַרק פאַרנומען מיט זיינע הנאות.

שטייט ער אַזוי און שמועסט, דער אַלטיטשקער, און די רייד קייטלען זיך וואָרעם, גלייך עס וואָלט געווען אַמאָל אונטערן בליצלאָמפּ, ביים בייכיקן זילבערנעם סאַמאָוואַר, צווישן שאַפעס, פול מיט אויסשטייער, און אַלמערס מיט ספרים, צווישן כאַרבין און פּיטסבורג, סידניי, אַנטווערפּן, לאָנדאָן, באַנקירן, רעוואָלוציאָנערן, שידוכים, ירושות, גבירישע אָנזעצן. פון דעמאָלט אָן, דאַכט זיך, איז אים געבליבן אַן עודף שׂכל הישר. שמייכלט דער זיידע און חכמעט זיך אויף זיין אייגענעם חשבון: ער איז, זאָגט ער, אַ נודניק מיט אַ ברייטן האָריזאָנט. אַלע יאָרן געווען דער „גלייכער קאָפּ“ אין דער משפחה, צעזייט און צעשפּרייט איבער מזרח און מערב: מיט נאַרישע געוואַלדעס: ווער טשעפּעט אים?! ער האָט הנאה פון דעם ביסל שטערן, וואָס כאַפּן זיך אַרויס פון די כמאַרעס און טוען דורך אַ שפּאַרע אַ באַהאַלטענעם בלישטש — גלייך היינטיקע שטערן האָבן אַ סך צו בלישטשען — נאָך דעם אַלעמען, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטון טאַקע ביי זיי דאָרט אויבן. ער האָט הנאה, דער זיידע, פון וווּנדערקינדער, משומדים. די משפּחה איז, אין יענע יאָרן געווען צעצווייגט אין צוויי גרויסע פליגלען: איינער זאָגט קדיש און נעמט ירושות, פירט מחלוקת און מאַכט פשרות, בשעת דער אַנדערער פליגל טוט בלויז איין־איינציקע זאַך — ווערט נפטר און לאָזט ירושה. און נפטר ווערן פלעגט מען פאַרצייטנס אין אַ סאַליע פול מיט כבוד און נישט געכאַפּט: לויט די אָנגענומענע שטאַרב־כּללים אין לייטישע משפחות.

דאָס אַלץ דערציילט דער אַלטיטשקער און ער האַלט נישט ביי ענדיקן: וואָס איז דאָס יאָגעניש? ווען ער איז געווען אַ בורר, פלעגט זיין הויפּט־פּאַך זיין: פּלאָנטער: נישט פאַראַנען, זאָגט ער, אויף דער וועלט קיין פאַרדרייעניש, ער זאָל זי נישט קענען מאַכן נאָך אַביסל געדיכטער, מיטן כוח פון „שׂכל הישר“. ער פלעגט שטענדיק האָבן „שׂכל צו אַנטלייען“. — פּריוואַט, פאַר זיין אייגענעם געברויך, האָט ער אים זעלטן באַנוצט, כאָטש ער האָט געקערט וועלטן מיט מסחרים.

אין ישׂראל איז ער געוואָרן אַ נאַכט־וועכטער אין אַ פאַבריק פון זיין אַמאָליקן פריינט. ער איז, זאָגט ער, אַ נאַכט־וועכטער מיט דיפּלאָם: געענדיקט אויף נישט שלאָפן. זינט קאַרגע צען יאָר, זינט ער האָט פאַרלוירן אַלץ אין דער וועלט, מאַכט ער קיין אויג נישט צו. ביינאַכט זענען ביי אים די אויגן אָפן־אויפגעריסן. — און

מיט אָפענע אויגן ביינאַכט זעט מען אַלץ שאַרפער און קלאָרער. אַזוי שמועסט דער זיידע און ווערט נישט פאַרטיק.

הער איך זיך איין אַ רגע אין זיין צוגעלאָזטער באַרעדעוודיקייט, וואָס רינט אַזוי ווייך דורך דער נאַכט: „ווין... לעמבערג...״ קען דאָס זיין, אַז ס׳איז ער..? קאָפּטשעט דער לאַמטערן פון אַלטן נאַכט־וועכטער און דורכן רעגנדיקן נעפּל שטראַלט מיר אַקעגן ווייטער פאַרזונקענער אַמאָל מיט אַ ליכטיקער גלעזערנער ווערענדע, אין וועלכער עס האָבן אַריינגעבענקט אין שטעטל מיינע קינדערישע בליקן. אָט איז דאָס שטעטל פון מיין יוגנט און אָט איז, באַלד דערנעבן, די גאַנצע וועלט, וואָס איז דעמאָלט נאָך געשטאַנען אויף אַן אָרט, זיכער און פעסט — ווו איז אַהינגעקומען די וועלט? זיצט אין דער גלעזערנער ווערענדע אַ ייִד אַ גביר, אָנגעשטאָפּט מיט געלט און מיט כבוד, אַרומגערינגלט מיט מילן און פּולוואַרקעס און מיט געקליבענע אײדימס ווי די אתרוגים, וואָס עס שטעלן אים צו אויסגערופענע לאַנד־שדכנים, און צווישן די אײדימס איז איינער אַ „פּרי״, מיט גאָלדענע ברילן און אַ געפּעסטעט בערדל, מיט רמב״ם און שפּינאָזאַ, קאָרעספּאָנדענץ מיט גראַף טאָלסטאָי און אוידיענץ ביי קייסער פראַנץ־יאָזעף. בליט דער טיש מיט געפּרעגלטן אתרוג און שאַך און מיט קלוגע רייד אונטערן בליצלאָמפּ: מנחם..! אוודאי, ער...! אידעאַל געשטאַלט פון מייַנע ייִנגלישע חלומות: מנחם..!

איצט שטייט ער דאָ, אין דער פאַרגאָסענער קאַלטער נאַכט פון תל אביבער ווינטער, שטייט איינגעשרומפּן און ליכטיק אין דער פינצטערניש, האָט נישט קיין חשבונות און מאָנט נישט ביי קיינעם און האָט נאָך אַלץ אַ קלאָרן קאָפּ. וואָס־זשע דאַרף איין מענטש אַליין אַזאַ קלאָרן קאָפּ..? קען ער מסתמא מכבד זיין נאָך אַ ייִד און מער ווי איינעם מיט אַביסל שכל הישר, אויף נישט צו באַדאַרפן... און ווער ווייסט, אפשר וועט מען יאָ באַדאַרפן און אפשר דאַרף מען טאַקע שוין... דערויף האָבן מיר דאָך זיידעס אויף דער וועלט...

# קליינוואַרג אין ישראל

חברה קליינוואַרג אין ישראל: קינדערלעך טונקעלע און העלע, שקצעוואַטע און צניעותדיקע אין הייזעלעך, פאַרטוכלעך, טיכלעך, שקאָרמיצלעך און פאַר־דרייטע דאַשיקלעך, מיט קונדייסישע נעזלעך און חומשדיקע אייגעלעך. אפשר בלומיקע פלאַטערלעך און אפשר צעשפּריצטע ברעקלעך ליכט און דופט: אַזוי זענען זיי. שטראַלט די חברה, האַלב־נאַקעט און ברוין, אין זאַמד און אין זון, פאַרביקע קאַראַהאָדלעך און פריילעכע רעגנבויגנס, אין שטאָטישע פאַרקן און ביים ים, אין אַלטע און נייע דערפער, אין קיבוצים און מושבים און אפילו דאָרט, ווו עס איז דערווייל נאָך גאָרנישט פאַראַן, אַ חוץ בלויער חלום, וואָס זילבערט זיך בלאַס אויף זומפּן און פעלזן. אויף פעלדוועגן און וואַלד־סטעזשקעס און צווישן זאַפטיקע גרינע פּרדסים, וואָס בלישטשען מיט העלן מאַראַנצן־גאָלד — אומעטום גאָגערן קינדערלעך ביי די סאַמע ערשטע טריט פון אונדזער אויפ־גייענדיקן לעבן און פאַרהילכן דאָס לאַנד מיט צעטומלטער פרייד.

אָט זענען זיי, ווי נאָר־וואָס אַראָפּגעפאַלן פון ערגעץ מסתמא גלייך פון גן עדן, טאַקע דאָ נישט ווייט צווישן די טייכן פון חומש, וואָס פינקלען אין זייערע אייגעלעך. שוועבן זיי דאָ, די נפשלעך, פּונקט אַזוי ווי „דאָרט ווייט" ס'איז אַלץ נאָענט, דער אַמאָל און דער הייַנט. און אַמאָל צעהעצקעט זיך קליינ־וואַרג אָן אַ פאַרוואָס, ווי אַ טשאַטע פאַרשייטע הינטלעך, דרייט זיך, שטאַרק פאַרנומען אַרום זיך אַליין, האָרכט זיך פלוצים איין אין עפּעס אָדער לאַשטשעט זיך צו אַ ווינטל פון ים, לויפט אים נאָך, לויפט: ווו איז אַהינגעקומען דאָס ווינטל? ווו? זיי קענען דאָס ווינטל נאָך פון פריִער, פּונקט ווי אַלץ וואָס איז דאָ. קענען זיי פון דאָרט: די פאַרחלומטע זשיראַף אין גן החיות און די פאָנטאַנע אין פּאַרק, דעם תימנער מיט זיין אייזעלע, וואָס צעפּירט ברויט אין בלויע פרימאָרגנס, און די באָבע, וואָס שטופּט, אויף ייִדיש, באַנאַנעס אין די פּנימלעך.

צייטיקט זיך קליינוואַרג אין ישראל ווי אונדזערע פּרוכטן, זיס־האַרב און זאַפטיק, אָנגעגאָסן מיט יונגן וויין. דאָס זענען צאַברעס: העזה און חן. דאָס

גאַנצע לאַנד נעמט זיי אַרום מיט ליבשאַפט און די אייגענע ערד גיט כוח צום וואַקסן. איטלעכער וואָס־ווען, אינגאַנצן אָן צערעמאָניעס, צעבליט זיך פון דעם לויכטנדיקן גאָרנישט אַ באַשעפעניש, וואָס אָט נעמט דאָס ווערן אַ בירגער פון ישראל. די אויגן קלאָר און דער שטערן העל און דער קרעפטיקער שפּיל פון די רמזדיקע רמ״ח אברים — איין גרויסע פרייד. דאָס איז די פרייד, וואָס גיט דערנאָך כוח צו ערנסטע אויפגאַבן — דערווייל הוליעט קליינוואַרג און שפּילט זיך מיט דער וועלט, לאַכט פון איר אומגעלומפּערטער גרויסקייט: טראַקטאָרן, בולדאָזערס, מומעס, וואָס פאַרנעמען אַזויפיל פּלאַץ אויף דער וועלט. דריגעווען דרויבלעך מיט דעם לעבן ווי מיט דעם זיידנס באָרד, אַהין און אַהער און קאַפּויער — אַלץ איינס ווו מען פּלאָנטערט: ס׳איז סיי ווי פריילעך.

זיי טראָגן אויף זיך שווערע תנ״כישע נעמען, די פּיצלעך, נעמען פון אבות און נביאים, גבורים, חכמים און גמראדיקע תנאים. הייסט איינער עמינדב, און שמשון אוודאי, און עמוס און יואב און ס׳דערגייט ביז חגי און צפניה און יעל און אסנת זענען אויך דאָ — וואָס וויל מען פון די שעפּעלעך? און איינס הייסט מיכה אָדער רות — גלייך גאָרנישט. דאָס קליינע מיט דעם נאָמען פון גאָר ווייט פליט אויף פלינקע פיסלעך צווישן די ביימער — און אינגאַנצן איז דאָס איין ציטעריק בינטל שטראַלן פון וויסגאָלד און בלוי און צעקלונגענע וואָרט־קרישטאַלן מיט אַזאַ לויטערן הימלישן אומזין, וואָס איז מחויב צו זיין נאָך ערגעץ פון „דאָרט“.

טרעפט אַמאָל, אַז דאָס קליינע דערקענט פּלוצים פאַרנאַכט אַ יונגן שטערן, וואָס בלישטשעט, איינער אַליין, גלייך אַריין אין קינדערשן בעטל פון בית־הילדים אין קיבוץ — ענטפערט דאָס נפשל מיט אַן אייגענעם הימל זיסע בלויקייט, וואָס שטראַלט אַרויס פון זיין אויפגעהויבענער וויִע. באַפאַלט מיך טרויעריקע פרייד ביים אָנבליק פון אַזאַ האַרצרייסנדיקער שיינקייט: ווער ווייסט, צי וועט נישט די נאַטור ברוגז ווערן, וואָס אַזאַ פּיצעלע האָט זי אַרויסגעפאָדערט מיט אַזאַ ריינעם גלאַנץ, וואָס שטעלט אַלץ אויפן קאָפּ און מאַכט אַ תל פון דער טאַנדייטנער „פּולקאָמהייט“, אויף וועלכער דער אָנגעבלאָזענער קאָסמאָס האָט געאַרבעט אַ וועלט מיט יאָרן? און וואָס וועט זאָגן דער הימל אַליין? אים איז דאָך אוודאי נישט ניחא, וואָס אַזאַ גאָרנישטל נעמט אים אויף זיכער און גיט אַ שטראַל מיט אור־בלויקייט, וואָס דאָס ברעקעלע האָט מסתמא קונדייסיש אַ כאַפּ געטון דאָרט אויבן פון אומבאַרירטן ליכטקוואַל, באַהאַלטן אונטערן שטול פון כביכול.

אָט זענען אונדזערע קינדערלעך אין ישראל. מיר געדענקען אַלע פון אַמאָליקן שטעטל די משהלעך, שלמהלעך, פייגעלעך, מירהלעך, ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּיאהלעך, צעפּעלעך און קלוגע אייגעלעך, קלוגע און טרויעריקע, וואָס האָבן שוין אַריינגעקוקט טיף אין די אָפּגרונטן און האָבן שוין אַלץ געוווּסט — וואָס־זשע,

מ'ווייסט נישט?... זיי זענען געווען פול אין חדר און אין גאַס, ביים טייך און אין וועלדל, אין שאָטן פון קראָמען און קלויזן און פאַראָומערטע טאַטעס, וואָס האָבן אַלעמאָל טעכטער חתונה צו מאַכן — אפילו מ'האָט נישט. דאָס זיינען געווען קליינע ייִדעלעך, וואָס האָבן אַרויפגעקוקט מיט פאַרשייטע, טרויעריקע אויגן צו אַ בייזן הימל, וואָס האָט געבלוטיקט אין די מנחהדיקע פאַרנאַכטן, אַ צעשטאָכענער פון גרויסע מעשענע צלמים אויף שווערע צערקווע־ציבעלעס.

האָבן געוויאַנעט אונדזערע קינדערלעך אויף קרענקלעך צעבליטע שטעטל־דיקע רינשטאָקן, אויפן בוידעם פון בית־מדרש און צווישן די קאַסטנס ווערמ־דיקע „שמות", ווו עס דומעט מיט אַ וואָלענעם טלית־קטן אויפן נאַקעטן לייב דער שטעטלדיקער „משוגענער", אַ ייִד, נישט אַזוי משוגע ווי הונגעריק. קנייפּט די בלייכע קינדערישע בעקלעך דער פעטער וואָלף, וואָס פאַרהערט די סדרה און טיילט שבת־אויבסט און איינער אַ ייִד איז סתם אַ קנייפּער, וואָס „ער מעג" — וואָס הייסט, ער מעג: ער „מוז"... רויטלען זיך די בעקלעך, פאַרקוועטשטע פון ביינערדיקע לומדישע טאַבאַק־פינגער, און דער מלמד, לאַנג און האַרבאַטע, מיט אַ שווערער, שוואַרצער באָרד ערגעץ הויך אויבן, לאָזט אַראָפּ פון סאַמע דאָרט אַ האַרבן כריפּ: „אַ ייִד דאַרף זיך באַרעכענען..." קאָרטשעט זיך דאָס פּיצעלע ייִד גאַנץ אונטן אין אַ וואָלד פון פּחדנים: מורא פאַר שקצים און להבדיל פאַרן רבוש"ע — און דערצו האָט דאָס נעבעך מורא, ווייל ס'ווייסט נישט, ווי אַזוי מ'האָט און ווי אַזוי אַ ייִד „דאַרף זיך באַרעכענען".

אַזוי האָבן מיר געלעבט אַמאָל, ייִדישע קינדערלעך אין שטעטל, און מיט דער צייט האָבן מיר געמאַכט קאַריערע און זענען געוואָרן זיידעס — און אָט בליט פאַר אונדזערע אויגן אין ישראל דער וווּנדערלעכער גאָרטן פון אונדזערע אייניקלעך, ביי וועלכע די נאַטור אַליין, האַלט איך, אַ נאַטור נישט קיין הייניטיקע, מעג זיך קומען לערנען די חכמה פון שיינקייט. האָבן מיר אַלע געחלומט פון אַ ייִדישער מלוכה — זיי האָבן זי אויסגעקעמפט און איינגעפעסטיקט. איר האָט זיי געזען אין די יאָרן פון פאַרצווייפלטן געראַנגל מיט אַ וועלטמאַכט ביי די נאַכ־טיקע ברעגעס פון אונדזער ים טראָגן אויף די ייִנגלישע פּלייצעס איבערגעשראָ־קענע ייִדן פון די „לאַגערן", וואָס זענען געקומען מיט אומלעגאַלע שיפן... איר האָט זיי געזען, מיט „כלים" אין די קעשענעס, וואַכן אין שווערע נעכט איבער אונדזערע שטעט און דערפער, איידער די מלוכה איז געגרינדעט געוואָרן. און אויך היינט טרעפט איר זיי, בחורים און מיידלעך, אין איינזאַמע גרענעץ־דערפער ווי לאַנדווירטשאַפטלעכע אינסטרוקטאָרן, וואָס לערנען די נייע עולים אַרבעטן און לעבן אין שכנות פון שונאים, וואָס טשאַטעווען הינטער יעדן שטיין, און באַוואַכן זייער האָב־און־גוטס. ווייס איך נישט, צי זענען זיי „ציוניסטן", ווי מיר האָבן אַמאָל געלערנט די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע לעבנס־תורה פון אונדזער דור,

אָבער זיי זענען די צוקונפט פון ציון און ישראל — און איך וואָלט זיך דערוועגט צו זאָגן: די צוקונפט פון ייִדישן פאָלק און דער וועלט. זיי זענען גראַדליניק און טרוקן, אַמאָל שאַרסטקע צאַברעדיק, מיט טאַלאַנט צו גרינטלעכקייט, מיט אַ קנאַפּן חוש פאַר „מאַניערן״, וואָס ווערן געבראַכט אין די ביכלעך — און טאַקע צו גיכע „באַטראַכטערס״, וואָס איילן זיך צו געפינען חסרונות, הערן נישט דעם קרעפטיקן קלאַפּ פון די דאָזיקע יונגע ייִדישע הערצער אין ישראל.

# שבת און יום־טוב

שבת און יום־טוב האָבן באַקומען זייער תיקון אין ישראל. זיי זענען ווידער אינדערהיים, צווישן ייִדן. זיי מעגן ווידער הנאה האָבן פון זיך אַליין, נישט היטן זיך פאַרן אַרום. דער „אַרום" איז אַן אייגענער: ער וויל אויך הנאה האָבן. אַמאָל האָבן שבת און יום־טוב געהאַט גוטע צייטן ביי ייִדן. איז געקומען שבת אָדער „געפאַלן" יום־טוב, האָט ער גענומען און געלויכטן. נישט געפרעגט ביי קיינעם, נישט געוועזן קיין „פּראָבלעם" פאַר קיינעם. מען האָט אים נישט באַדאַרפט „אָר־גאַניזירן", נישט באַדאַרפט מאַכן דעם אָנשטעל פון „פּאָלקלאָר" און נישט אויס־טייטשן אים פאַר קינדער חצי־פּסיכאָאַנאַליטיש. מען האָט געוואָרט אויף אים, איז ער געקומען. דאָס איז געווען אַמאָל, ווען דאָס ייִדישע לעבן איז געווען גאַנץ און האָט געלעבט בשלום מיט זיך אַליין.

אַלע געדענקען דעם שבת אַמאָל אין די אַלטע היימען. שטייט די מאַמע, אונדזער אַלעמענס מאַמע, אַריבערגעבויגן איבער די בלאַס־גילדערנע פלעמלעך, וואָס ציטערן אין די לייכטער. די הענט פאַרלייגט איבער די אויגן, די ליכט שעפּטשען ווייבערישן ייִדיש צום רבונו־של־עולם, וואָס מאַכט שבת אין ייִדישע שטיבער, און אין זיידענעם שטערן־טיכל שפּיגלט זיך מילדער ערב־שבתדיקער זון־פאַרגאַנג. ליגט אויפן טיש דער פאַרגעלטער „צאינה וראינה" מיט די גע־שניצטע זילבערנע טעוועלעך, וואָס עפּענען פונאַנדער לכבוד שבת אַ וועלט מיט פרומער שיינקייט. פינקלט דער ווײַן אין געשליפענער פלאַש און די ברוינע חלה מיט מאָן שמעקט אונטער דעם טישטעכל.

קומט דער טאַטע פון קלויז אַ צעזונגענער. ער קומט אינאיינעם מיט די מלאכים און מיט די קינדער און מיט אַ פרעמדן ייִד, אַן אורח. שמעקט דער ייִד מיט שטויב פון מרחקים, מיט פּוילישן וועג און ייִדישע קרעטשמעס, מיט אליהו הנביא און ר' לייב שרהס און מיט „צוויי ברידער, וואָס איינער איז געווען אַן עושר און איינער אַן אָרעמאַן", און מיט נאָך און נאָך געשמאַקע מעשיות פון צדיקים און שרעטעלעך און וואַלד־גזלנים. הענגען אַמאָל די אַלע מעשיות, נישט־

דערציילט, אַרום זיין שווערער, אומעטיקער באָרד. וואָרום גראָד איז דער ייִד אַ שווייגער — טונקט ער אַ גאַנצן שבת רעפּטלעך ווייסע חלה אין שאַרפן אַקע־וויט, וואָס פלעמלט זיך בלוילעך.

זיצן אַלע אינאיינעם אַרום אַ רחבותדיקן טיש — און די שכינה איז אויך דאָ; ווו וועט זי זיך אַרומדרייען איינע אַליין פרייטיק־צו־נאַכטס? ס'איז שבת אויף דער וועלט. דער מאַרק איז ליידיק און די שווערע טירן פון די קראָמען זענען פאַרהאַקט מיט אייזערנע שטאַבעס.

ליגט דער שבת מיט פולן גלאַנץ אויף אַלץ און אויף אַלעמען: ער גלימ־צערט פון די זילבערנע לייכטער אין גבירישע סאַליעס און פון די קבצנישע ליכטלעך אין צעשניטענע קאַרטאָפליעס, וואָס צאַנקען אונטער דער פאַרקאָפּ־טשעטער סטעליע. ער שטראַלט פון טאַטנס סויבלענעם שטריימל און פון די ספרים אין דער גלעזערנער שאַפע שפרייט זיך אויפן פּרוכעדיקן שינדל־הויקער פון דער אַלטער קלויז און רוט אַ מילדער אַפילו אויפן פאַרקאַן פון בית־עלמין, וואָס האָט שבת און יום־טוב קיינעם נישט געטשעפּעט. ער הענגט אויף די צעדריב־זשעטע טעלעגראַפן־סלופּעס און אויף די קרומלעכע דרענגלעך פון עירוב און אויף דעם פאַרגליווערטן פלומפּ פאַרן שטאָטראָט און ער מיניעט זיך אַפילו אויף דער פלאַטשיקער צערקווע, להבדיל, וואָס שטומט נאַריש אין שטאָטישן גאָרטן. זינגט דער שבת אין כּאַצקל דעם מעל־סוחרס פאַרכריפּעטן „לכו נרננה״, אין די דינע, גרייזיקע מעשה־ביכלעך, איבער וועלכע עס ווערט זיס אַנטדרימלט ריוו־טשע, די קעכנע, און אין די ציוניסטישע בראָשורן, וואָס ייִנגוואַרג שלינגט באַ־האַלטענערהייט: נישטאָ עפּעס אַנדערש אויף דער וועלט, אַחוץ שבת. דאָס איז געווען אַמאָל־אַמאָל — און פון דער דאָזיקער אונטערגעגאַנגענער וועלט איז גע־בליבן ביי אַלעמען נאָגנדיקע בענקשאַפט און מער גאָרנישט.

היינט אין ישראל האָט זיך ייִדישקייט אויפסניי צעבליט אַרום און אַרום, אינדרויסן און אינעווייניק, אין אונדזער שבת און יום טוב און אין אונדזער פאַרהאָרעוועטן אינדערוואָכן. זיצן ווידער טאַטעס און קינדער ביי איין טיש און איין ליכט באַ־שטראַלט אַלעמענס לעבן. רוט ערב שבת די אַרבעט נאָך געבענטשטער האָרע־וואַניע און עס צעקלינגען זיך געזאַנגען איבערן גאַנצן לאַנד, אַלטע און נייע, פון חסידישע קלויזן און פון יוגנט־קלובן, פון שבתדיקע שטיבער און פון חברה יונגוואַרג ביים ים, געזאַנגען, וואָס גיסן זיך צונויף אין באַנייטער לעבנס־פריי־דיקער ייִדישקייט, וואָס איז איצט אַהיימגעקומען פון ווייטן וואָגל קיין ישראל.

געדענק איך איינעם אַ פרייטיק־צו־נאַכטס אין אַ יונגן, נאָך נישט פאַרפונ־דעוועטן קיבוץ אין עמק־זבולון, נישט ווייט פון ים. איך בין געקומען שפּעט פאַרנאַכט מיט דעם לעצטן ערב־שבת־אויטאָבוס און אין אָוונט נאָך דער סעודה דאַרף איך רעדן פאַר חברה ייִנגוואַרג. דאַכט זיך, וועגן משיח־אידעען אין דער־

ליטעראַטור — וועגן וואָס רעדט מען? דער אויטאָבוס לאָזט מיך אַראָפּ אויפן שאָסיי — גיי איך מיט אַ שמאָלער זאַמדיקער סטעזשקע צום טויער פון קיבוץ. מישט זיך ערב שבתדיקער זון־פאַרגאַנג מיט די פערלמוטערנע חנדלעך פון נאָענטן ים. אויף די פעלדער, וואָס רוען, שלייערן זיך לייכטע וויאָלעטענע שאָטנס. אַ וואָך האָרעוואַניע שטילט זיך איין אויף אַ טאָג. ליגט אַ יונגער שבת אויף צע־אַקערטע בייטן, אויפן אויסגעשפּאַנטן טראַקטאָר, וואָס „דעכעט־אָפּ״ביים וועג, אויף די קי, וואָס מאָלעגיירען מנוחהדיק ווי אָנגעגעסענע מומעס, וואָס האָבן שוין פאַרזאָרגט באַלעבאַטישקייט און איצט דאַרף מען נישט מער ווי הנאה האָבן. דאָס איז דער שבת אין יונגן קיבוץ, אַ שבת נאָך נישט קיין געניצטער, ווי נישט לאַנג אַרויסגעקומען פון ווייטן בלויען פאַרצייטנס, ווען דער חומש האָט זיך נאָר־וואָס געהאָט צעשפּילט און די אבות זענען געווען יונגעלייט, וואָס האָבן געשטיפּט מיט גאָט.

חברה יינגוואַרג איז אויסגעסטראָיעט: פאַרביקע סוועטערס, רובאַשקעס, בלוז־קעס, העלע צעפּ און שוואַרצע שויבערס און אַלע זענען זשעדנע נאָך שבת, זוכן אַן אייגענעם נוסח פאַר זייער יונגער בענקשאַפט נאָך נשמה יתירה. אפשר גע־דענקט ווער אַמאָליקע שבתדיקע שפּאַצירן אויף די פעלדער פון שטעטל — אָבער יענע פעלדער זענען געווען גוייִשע און אין זייער פרעמדער שיינקייט האָבן גע־וואַיעט הינט. אָבער דאָ איז אַ דאָרף ביים יידישן ים מיט ציכטיקע שטיבלעך, וואָס לייכטן מיט רויטע דעכער, מיט יידיש ברויט און יידישער חברשאַפט, מיט אויסגעשפּרייטע פישער־שאַטקעס, וואָס פאַרשמעקן דעם אָוונט מיט פאַרטרוקנטן זאַלץ־וואַסער.

און אָט איז דער חדר־אוכל: לאַנגע, נישט געהובליעטע טישן און סענקע־וואַטע בענק, וואָס סקריפּען. פאַרשפּרייטן די מיידלעך גראָבע ווייסע טישטעכער, געאַרבעט פון פויערישער ליאַנע. די יינגסטע פון קיבוץ, דאָס „מאַמעלע״, צינדט ליכט אין ליימענע לייכטער. די פלעמלעך ציטערן מיט צניעותדיקן גאָלד. איינער, אַ בחור, מאַכט קידוש איבער אַ בעכער מילך און לייענט פּסוקים פון דער סדרה. דערנאָך זעצן זיך אַלע אויס אַרום דעם לאַנגן טיש, וואָס שמעקט מיט פרישע ראַזאָווע ברויט אין געפלאָכטענע פויערישע קיישלעך און מיט געבראָטענע ים־פיש אין בלויע בלעכענע טעלער, פון וועלכע עס קוקט אַרויס אַן אומעטיקער צע־רויטער האָן, אויסגעמאָלן אויפן דנאָ.

צעזינגט זיך איינע אַ מיידל און אַ בחור כאַפּט אונטער — כאַפּן אַלע אונטער. זינגען די ליכט און די ווענט פון באַראַק און דאָס ברויט אין די קיישלעך און דער שבת פון דער גאַנצער וועלט. און באַלד מאַכט זיך אַ רעדל און נאָך איינס אוןביידע גיסן זיך צענויף אין אַ קאַראַהאָד, וואָס ווירבלט. איינער פאַרגלייזט די אויגן, טראָגט זיך ביז צו דער סטעליע: „וטהר לבנו...״. דער בחור איז הויך.

ביינערדיק, סאַמע קאַנטן. ערגעץ אויבן שמייכלט ביי אים אַ קינדעריש קעפּל. שמייכלט און שוועבט פאַרביי. דער טאַנץ ברויזט און שטראַלט. פאַרהאַרטעוועטע הענט פליעסקען ווי שווערע הילצערנע לאַפּאַטעס: „וט־ה־ר... ל־ב־נ־ו...".

ווּ האַלט מען אין דער וועלט? נישטאָ דער טיש, נישטאָ די בענק, נישטאָ אויך די צייט און די ווענט האָבן זיך אָפּגעטראָגן. ווער ווייסט, ווּ די נאַכט איז אַהינגעקומען? געוועזן, דאַכט זיך, פריייטיק־צו־נאַכטס מיט אַ מאַגערער סעודה און מיט משיח־אידעען אין דער ליטעראַטור — געבליבן איז אין איינציקער בליצנדיקער קנויל פון ליכט און פרייד און יונגן ברען: „וטהר לבנו..."

***

סדר־נעכט אין פאַרזונקענער יוגנט: „מה נשתנה־ליכט" אין זילבערנע לייכטער, ווייסע קיטלען און בלויע כוסות און אליהו הנביא שוויגט ביים טיש, לאָזט זיך נישט זען, כאָטש אַלע ווייסן: ער איז דאָ. קרעכצט דער טאַטע יום־טובדיק אויפן רחבותדיקן היסב־בעט און די מאַמע האָט הנאה פון יונגן משה רבנו און פון זיין ליבן נאָמען, וואָס איז דאָ אויך ביים טיש. דאָס איז דער אוראַלטער פרילינג־יום טוב פון חומש. חברה חדר־יינגלעך צעקלינגען העלע זינגעוודיקע פּסוקים פון שיר השירים אין די טונקעלע סוף־ווינטערדיקע טעג פון אונדזערע יונגע יאָרן און שפּיגלען זיך אין שפּאָגל־נייע גאַליציאַנער בעקעשלעך לכבוד יום־טוב. אָבער אין דער לויטערער פּסחדיקער פרייד האָט אַלעמאָל אַריינגעטונקלט אַ שאָטן פּחד: אַ פּיצל אינדזעלע יום־טוב אין אַ ים פון גויים און די נאַכט הינטער דער וואַנט שרעקט מיט בייזע בלבולים. אַזוי יעדן פּסח, אַזוי אין אַלע לענדער.

און היינט איז פּסח אין ישראל און גרויסע שטיקער הגדה זענען דערווייל געוואָרן מלכותדיקער אמת: בני חורין. און כאָטש דער גוי פון דער וועלט, אָפּט אויך דער גוטער גוי און אויך דער פון מאָרגן, פינצטערט נאָך אַלץ מיט בייזע בלבולים און יידישער פּחד איז אייביק ווי דער גלות, איז אָבער דער אינדזל פון אונדזער יידישן יום־טוב געוואָרן אַ ליכטיקע היים אויף אייגענער, באַפרייטער ערד.

די גאַסן פול מיט יוגנט, די שולן פול מיט געזאַנג, די פעלדער מיט גערעטעניש און דער ים שטראַלט מיט פרילינג־גלאַנץ, וואָס גלעט די שיפן מיט נייע עולים — און אַרום און אַרום יום־טובדיקע יידן, היימישע און געסט, וואָס זענען פול אין האָטעלן און קאַפעען, אויף שאָסייען און אין באַנען און באַשיינען דאָס לאַנד לכבוד יום־טוב. דאָס זענען געניטע טוריסטישע פאַרערס, אייגענע מענטשן אויף יעדער שיף, אין יעדן עראָפּלאַן, שבעים לשונות מיט אַן אונטערשלאַק פון

ייִדיש, בונטע בלומיקע שפּענצערס און פֿאַרביקע קאַשקעטלעך, און אַרום זיי וווילריכנגישע ווייבערישע פּלודערן, און פֿייגלדיקע שקאַרמיצלעך אויף שפּיצקעפּ, כּולו ספֿאָרט פֿון האַרציקע מומעס, וואָס רעדן זיך איין, אַז זיי זענען „פֿאַרשייט״: ווילער, וואַרעמער געררודער פֿון אויפֿגעלייגטע חול־המועדניקעס. דרייט זיך צווישן עולם איינער אַ ייִד, אַ זייטיקער: ער האָט מורא הנאה צו האָבן. ער קומט פֿון אַמעריקע, אָבער דאָרט איז ער אַ „דאַיִקער״, איז ער פֿאַרפּליכטעט צו צוויפֿלען אין ישׂראל. ער איז געקומען צווייפֿלען אויפֿן אָרט. ער איז אַמאָל געווען אַ שטיקל אַנאַרכיסט און דער קאָפּ איז נאָך פֿול מיט בראָשורן. ער דאַגהט שטאַרק וועגן דעם גורל פֿון די „ברידער אַראַבער״. דרייט זיך נעבעך דער ייִד און ציטערט, ס׳זאָל אים חלילה נישט וואַקסן דאָס האַרץ פֿון נחת. ער האָט מיטגעבראַכט אַ רשימה פֿון אַלץ, וואָס איז נישטאָ אין ישׂראל — אַ היפּשע רשימה — אָבער ער איז ברוגז, וואָס ער קאָן נישט ברוגז זיין, לויטן „פּרינציפּ״. אין ישׂראל האָבן זיך אים צעמישט די טענות מיט די „חכמות״, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פֿון זיין בראָנקסער ברענטש — זאָל איך זאָגן, אַז ער איז שיכּור געוואָרן פֿון דער אומגעריכטער ייִדישער שיינקייט, וואָס האָט זיך אים פּלוצים אַקעגנגעשטעלט? אַ רחמנות!

***

אין די פּסחדיקע טעג פֿאַרגעסט דאָס לאַנד די יאָרטוויזנטער, וואָס ליגן דאָ אַרום און אַרום, אין חורבות, שטיינער און לעגענדעס. עס שמעקט מיט פֿייכטער, וואַרעמער זיסקייט פֿון צעגראָבענער ערד, וואָס גרייט זיך צו לייכטנדיקער געוועקעניש. צווישן די גרויע פֿעלדזן הייבן אָן אויפֿציטערן יונגע ווערדלעך. זיי לערנען זיך וואַקסן. טראָגט זיך אין דער העלער לופֿט געלייטערטער דופֿטן־געטראַנק פֿון פּרדסים און וויינגערטנער, פֿאַרפֿיומען נישט דערגאַנגענע, שעמעוודיקע, וואָס האַלטן אין ווערן וויין און האָניק. זיי שפּילן זיך, מישן זיך מיט דעם פֿריילעכן רויט און בלוי און וויאָלעט פֿון אַ ים מיט בלומען, וואָס שטיפֿן אויף די פֿעלדער, שמייכלען צווישן פֿאַרדאַרטע וואָרצלען ווי די שטיינער, בלישטשען אַרויס פֿון יעדער פֿעלדזן־שפּאַרע: איך פֿאַרשיכּורטער פֿאַרבן־געזאַנג.

און אַט איז שולמית אין פֿעלד, ברוין און בייגעוודיק, פֿון שיר השירים ערגעץ, צי פֿון דער שכונותדיקער צעמענט־פֿאַבריק, שולמית אין כּאַקי. זי שטייט דאָ אפֿשר נאָך פֿון שלמה המלכס צייטן, שמעקט מיט איילבירטן און יונגן וויין, שטייט פֿאַרחלומט, שמייכלענדיק צו דער יונגער תּבֿואה. דאָס איז „נאַטור״ אין ישׂראל אין די יום־טובֿדיקע טעג. און למאי זאָל מען לייקענען: זי האָט ביי אונדז געבידעוועט אַ היפּשע פּאָר יאָרטוויזנטער. מיר האָבן די נאַטור געלאָזט אַליין,

## מ. גראָס־צימערמאַן

פאַרשעמט איר שיינקייט — איז זי ברוגז געוואָרן, האַרט און איינגעשפּאַרט, צעגליטער ווייסער שטיין און געלער זאַמד: לאַנדשאַפט פון כותל־מערבים.

איצט האָבן מיר זיך אויף אייביק איבערגעבעטן מיט דער נאַטור און מיר האָבן אָנגעהויבן איר אָפּגעבן צוריק פולע הערצער ליבשאַפט. לאַנג, לאַנג האָט מען זי ביי אונדז נישט אַזוי געצערטלט ווי אין די פעלדער פון שרון, אין נגב און גליל, אין די בערג און ביים ים. זענען מיר אַליין יונג געוואָרן אינאיינעם מיט דער נאַטור. זי ווייסט דאָס און חנדלט זיך.

***

הייבן זיך אָן די ימים־נוראים אין דער ערשטער סליחות־נאַכט. שטעלט אָפּ „קול ישראל" די אוידיציעס אין דער נאַכט און עס קלינגט איבערן לאַנד צע־זונגענער שטייגער. די שול אין ישראל וואַרט נישט דווקא, מען זאָל קומען צו איר. אַלץ אַרום, זכרונות און תפילות, די בלויע נאַכט און די זכרונות פון יונגע יאָרן און די נייע ערד, אויף וועלכער מיר טרעטן, זענען אין דער שעה ייִדישלעך צונויפגעוועבט.

אין וויטן זכרון טונקלט דער פאַרפאַלענער האַרבסט פון די קינדערישע יאָרן. גייט דער שמש ר' משה־הערש מיט אַ פאַרדראָטעוועטן הילצערנעם לאַמ־טערן, קלאַפּט אין די איינגעהויקערטע טירן און ציט אַרויס די נשמה מיט דעם נאָגנדיקן נאַכט־ניגון. טובלט זיך דער זיידע אין בלויע אלולדיקע פאַרטאָגן איי־נער אַליין, אין שוואַרצן טייך פון פריצס אימעניע און די באָבע, אַ בינטל פּילי־גראַנישע קנייטשן מיט קלוגע אויגן, וויקלט זיך אין שאַלן און אין מצוות און אין זיסע פחדים פאַרן יום־הדין. זי האָט אָנגעגרייט אויף ימים־נוראים אייגענע שיינע פחדים, ווי אַ גוטע בעל־הביתטע, אַ נגידית, גרייט אָן „כל טוב". איז דער רבש"ע אַ היימישער איינגייער אין שטוב און אַמאָל פלעגן זיך די צוויי, די באָבע און דער רבש"ע, פאַררעדן אַ גאַנצע נאַכט אין דער גראַמער קיך, ווו עס האָבן זיך אלול־צייט געקאָכט גריצן מיט מאַרך־ביינער פאַר אָרעמע לייט, אָדער אין טונקעלן אַלקיר, ווו דער זיידע האָט אונטערן בלוי־געקאַלעכטן בעליק באַהאַלטן דעם פולן לעדערנעם טייסטער און אַ ווייס זעקעלע ארץ־ישראל־ערד. שטייען אין שטעטל צייטיקע סעדער, געפּאַקט מיט אַלטע צעוואַקסענע ביימער, און פאַרשיכורן די נעכט מיט האַרבע ריחות פון וויניקע עפּל און זילבערדיק־לייכט אָנגעהויכטע פלוימען — און דער שומר פון בײדל, אַ ייִד אַ גבר, אַ מקובל און אַ כעסן, מיט אַ נאַקעטער גאָמבע, אויף וועלכער עס בעט זיך אַ באָרד, ריכט־אָפּ חצות אין דער פינצטער און האָט גאָר קיין צייט נישט, מורא צו האָבן פאַר די גויים, וואָס גנבע־נען: פאַראַן בילכערע פּחדים אין די נעכט פון ימים־נוראים.

יאָ, וווייטע דערמאָנונגען אין אַמאָליקן אלול — אָבער ווו זאָל איך נעמען

האַרבסטיקע עלעגיעס ביי אונדז אין ישראל אין אונדזערע פּעלדער און וויינ־גערטנער, אין אונדזערע בערג און טאָלן, ווו נאַטור מאַכט נישט קיין לירישע חנדלעך פון „פּאַרגיין", ווייל אין סאַמע מיטן פּאַרגיין, טאַקע באַלד אויפן אָרט, הייבט אַלץ אָן בלייַען פונדאַסניי. גיי איך אַרום אין אונדזער לאַנדשאַפט, צווישן פּאַרבענקטע בייטן און פּאַרטריקנטע גראָזן, פּיל איך די גאַרעניש פון דער ערד נאָך באַפרוכפּערונג און איך פּיל אין דער לופט די איינגעהאַלטענע יונגע קראַפט, וואָס מיט איינמאָל וועט זי זיך אַראָפּלאָזן פון אויבן און באַרוישן דאָס גאַנצע לאַנד מיט צעשטראַלטע שטראָמען פרייד און ברכה, וואָרום אונדזער הימל, פול מיט אוצרות, נישט באַנוצטע נאָך פון בראשית, האָט פיינט באַלאַמוטשען מיט קבצנישע מעסטלעך. קומט זיין צייט, צעעפנט ער זיך ברייט און דערלאַנגט שפע מיט פולע מאָסן, אַז עס צאַפּלט אַזש די ערד פון זיסע זאַפטן.

פּלעגן מיר אַמאָל, קוים אַרויסגעקומען פון די שטעטלעך, ווי געלייטערטע ליידיקגייערס מיט „וועלטשמערץ", פּראַווען האַרבסטיקן סעזאָן־אומעט מיט דעם זיסלעכן רעפריין: „אַלץ איז פּאַרגענגלעך"... דאָס האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן פון די ווערבעס, די גוייִשע, וואָס ציטערן ביים טייך אין קאַלטן ווינט: אונדזער עסק! מיר האָבן זיך געפּיעשטשעט און געזונגען ייִנגלישע לידער צו אַ פרעמדן האַרבסט, וואָס האָט נישט אויף אונדזערע פּעלדער געוויאַנעט — זענען די לידער געווען ממזרים. מיר האָבן זיי „געהאַט" מיט אַ פרעמדער נאַטור, מיט וועלכער מיר האָבן געשפּילט אַ ליבע נאַר „אַזוי". מיר האָבן אַ נאַש־געטון פון איר פרעמדער קרעפּטיקער שיינקייט ווי עס זינדיקט לא עלינו אַ חסיד מיט אַ גויע. ביי אייגענער נאַטור כאַפּט מען נישט קיין נאַש — נישט ביי איר! זי לאָזט נישט אָן אַ תכלית.

דאָס איז נאַטור אין ישראל און דאָס זענען אונדזערע ימים־טובים: שבת און יום־טוב און אינדערוואָכן. גיי איך אין גאַס שמחת־תורה, קלינגט אַ ניגון, וואָס חברה יונגט האָט אים אַרויסגעכאַפּט ערגעץ פון אַ חסידישער קלויז, האָט אים אָנגעלייגט מיט פרייד, צעבויגן און צעטאַנצט איבער גאַנץ ישראל. דאָס איז דער שמחת־תורהדיקער הימן: האַראַ און חסידישע דבקות — „ושמחת בחגיך". שטייט אַ ייִד אויפן הערבערט סעמיועל־פּלאַץ ביים ברעג ים אין תל־אביב, דאָס שטריימל אָן אַ זייט, מעשה חסידישער „ווילער יונג", און דער שווערער טער־קישער טלית, דורכגעדאַוונט ביזן גרונט, פריי אַראָפּגעלאָזט אויפן אַקסל. נעמט דער ייִד און צעטאַנצט זיך גלייך אין יום־טוב אַריין, אָט ביים ים, אונטערן פרייען הימל, קודם „אַזוי", דערנאָך „שאַרפער": טאַנצט שוין אַ ראַד און דערנאָך רעדער, גרויסע פלאַמיקע רעדער, זיידעס און צאַברעס, אַטלאַסענע קאַפּאָטעס און כאַקי־הייזלעך, בלאָנדע טשופּרינעס און סויבלנע שטריימלעך, וואָס האָבן הנאה פון די געהויבענע „שקצים", און עס קייטלען זיך דורות מיט גאָלדענער קייט: „ו־ש־מ־ח־ת... ב־ח־ג־י־ך..."

# „סרוליק־און שוין!“

איינער ישראל ישראלי, פון עין־חרוד אָדער דגניה, מנרה אין גליל אָדער רביבים אין נגב — מען רופט אים „סרוליק“ אָדער כמעט אַזוי: וואָס איז די נפקא־מינה? אַז סיי ווי האָט ער קיין צייט נישט צו טראָגן אויף זיך אַ גאַנצן נאָמען און קיין צייט נישט געהאַט צו וואַקסן אויך. ער איז די העלפט פון זיך אַליין — „סרוליק“ און שוין. דאָס איז „עמך“ אין ישראל, חלוץ אָדער סאָלדאַט אָדערביידע אינאיינעם. אין שטאָל, אין פעלד, אין די בערג און אויפן ים, אויף דער גרענעץ און אין דער הסתדרות, אינסטרוקטאָר פון נייע עולים, פאַרדאַגהט מיט די אַלטע: „סרוליק!“ ער איז אַנאָנים און געטריי, לעבעדיקער פונדאַמענט פון אַלץ מיט אַלעמען, קיינמאָל נישט מיד, שטענדיק אָן פּאַטאָס, אָן אָנשטעל פון מסירת־נפש — אַזוי זיך אַ מענטש אין ישראל, אין קיבוץ און מושבה, אין שטאָט און אין דער מעברה, אַביסל כאַקי מיט אומרו, אַ שווערע אָפּגעריבענע טעקע, אָנגעפּאַקט מיט דעם „בודזשעט“, וואָס מ׳האָט נישט, מיט דעם דעפיציט, וואָס איז געזיכערט, מיט די הלוואות, וואָס מען זוכט — און צו דעם אַלעמען אַ פּאָר פּלייצעס, וואָס זענען געוואָרן פעסט און קרעפּקע פון אונטערשטעלן זיך דאָס גאַנצע לעבן, דאָ און דאָרט און ווו מען דאַרף נאָר: און ווו דאַרף מען נישט?

דאָס איז ישראל ישראלי — ווער ווייסט פון אים? ווער קען אים נישט? ווער דאַרף דען וויסן, ווי אַלט ער איז? געבוירן און פּאַרטיק: וואָס׳ט מען זיך שפּילן? אַלעמאָל איז ער פּאַרטון איבערן קאָפּ אין טויזנטער טועכצער, אין דער קיריה און אין דער סוכנות, אין תנובה און המשביר, אין בנק הפועלים און אין „הבימה“ — אומעטום פול און אַלעמאָל אויסער זיך: וואָס׳ט ער שוין טון אין זיך? קיינמאָל האָט סרוליק קיין צייט נישט און שטענדיק איז ער אונטערוועגס — און דער אונטערוועגס הייבט זיך אָן ביי אים אין דער סאַמע היים, וואָס ער האָט נישט: אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז זיין היים! אומעטום, ווו מען טוט עפּעס און ווו מען גרייט זיך עפּעס טון: סרוליק! און אין סאַמע צענטער פון די אַלע אימפּעטיקע טועכצער שטייט ער אין אַ זייט, שטייט יאָגנדיק: „נו־נו... נו...“

## מ. גראָס־צימערמאַן

אַזוי לעבט ישראל ישראלי, איינער פון אַ סך אין אונדזער לאַנד: גרוי שבגרוי. ער איז אין קיין מוסד נישט קיין פּאָרזיצער און נישט קיין סעקרעטאַר. ער איז נישט קיין דעפּוטאַט אין דער כנסת, נישט קיין מיטגליד אין אַן עיריה און אַפילו נישט קיין מיטגליד פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי — גאָרנישט. אין דער קאַנדידאַטן־רשימה צו דער כנסת און צו די שטאָט־פּאַרוואַלטונגען און צום ועד הפּועל פון דער הסתדרות פאַרנעמט סרוליק אַ שטענדיקן אָרט צווישן די בכבו־דיקע דורכפאַלערס — און ער האַלט די „פּאָזיציע".

ער רעכנט זיך צווישן די בעסטע שוויגערס אין קיבוץ און אין דער פּאַרטיי. אויף פאַרזאַמלונגען, מסיבות און חברישע שמועסן, אין סעמינאַרן און ליטעראַ־רישע דיסקוסיע־אָוונטן. טיילמאָל דאַכט זיך: אָט איצט וועט ער עפּעס אַ זאָג־טון וועגן זאַכן, וואָס זענען אים נאָענט, טוען אים וויי, עפּעס פון איבערגעפּולטן האַרץ, פון דער אומרו, וואָס ברענט אין אים — גיט זיך אים אַ רויטל דאָס אַלט־יינגלישע פּנים און ער הוסטלט אונטער אַ רגע. חברים גיבן צו מוט: „סרו־ליק!..." ער אָבער האַלט שוין אין סאַמע מיטן צעטומלט ווערן — נאָך נישט, אָבער שוין. „חברים..." פּרוווט ער אָנהייבן — אָבער קוים זיך צעוויגט, האָט ער זיך שוין פאַרפּלאָנטערט. אויף זיין טיף צעקנייטשטן פּנים, ווו עס איז איינגעגראָבן האַרעוואַניע פון יאָרן, בליט אַ בלייך קינדעריש שמייכעלע און ער האָט שוין געענדיקט. וואָס איז דאָ צו רעדן? אַז סיי ווי איז אַלץ שוין געזאָגט געוואָרן. ווידער זיצט סרוליק אויף זיין אָרט און מען זעט אים שוין ווידער נישט אַרויס.

ער איז נישט קיין היינטיקער אין ישראל. געקומען אין לאַנד אַריין ביים סוף פון דער צווייטער עליה צי ביים אָנהייב פון דער דריטער, מיט אַ פערציק יאָר צוריק. געקומען פון קיִעוו צי פון קרעמענטשוג און אפשר פון אַ שטעטל אין פּוילן, גאַליציע, בעסאַראַביע, וואָלין, געקומען נאָך דער דורכגעפאַלענער ערש־טער רוסישער רעוואָלוציע, אין אַ צייט פון יאוש, פון גאָט־זוכעניש און זעלבסט־פאַרלוירנקייט, געקומען מיט רובאַשקע און ראָמאַנטיק און מיט דעם התלהבות־דיקן גלי פון הייליקן זיידן ר' לוי יצחק פון באַרדיטשעוו. וואָרום אַ שטיקל אייניקל איז ער, דאַכט זיך, סרוליק, איחוד עולמי און אייניקל, עולם־הבא און „וועלט פון מאָרגן" — און דעם „אינטערנאַציאָנאַל" זינגט ער נאָך אַלץ מיט אַ ציטערדיקן קנייטש פון הייליקן זיידנס שלוש־סעודותדיקן „בני היכלא".

דאָס איז סרוליק. געקומען אין לאַנד אַריין אין יענע יאָרן, ווען אַלץ איז דאָ נאָך געווען ליידיק: העברעיִשע לערערס, הימל און וויינטרויבן, הונגער און לידער און לבנה־נעכט ביים ים, שאַקאַלן און באַנדיטן. דער מדבר גייט דיר ביז צום האַלדז און דאָס אייזעלע בראָדזשעט טעג און נעכט אין טיפע זאַמדן ביז צום נאָענטסטן ישוב און דאָס ייִדישע פאָלק איז ווייט און קיינער ווייסט נישט, ווו מען האַלט אין דער וועלט. דעמאָלט איז געקומען ישראל ישראלי — טשעמאָ־

דאַן און טשייניק און געטרייַע הענט — און זייט דעמאָלט האָט ער דאָס לאַנד נישט פאַרלאָזן אויף קיין איין טאָג. ווו זאָל ער גיין, אַז אַלץ אויף דער וועלט האָט ער דאָ אַרום זיך און אין זיך: דעם האַרטן אָנהייב און דאָס גליק פון פאַ־מעלעכן וואַקסן, אַלע יסורים און פריידן פון אויפגייענדיקן לעבן — וואָס־זשע דאַרף מען נאָך?

זייט יענע טעג שטעלט סרוליק אונטער אַ פּלייצע, אַמאָל ביים טערק און שפּעטער ביים ענגלענדער און אוודאי און אַוודאי איצט, אין דער אייגענער היים: איבערנעמען ערד און פאַרלייגן וואַסער־רערן, פלאַנצן אַ וואַלד און אויסטריקענען אַ זומפּ, פאַרריכטן אַ טראַקטאָר און זאָגן מבינות אויף אַ יונגן בוהאַי, וואַכן אין די נעכט און טון אַ שליחות, אַראָפּברענגען אַ טעאַטער־טרופּע און כאַפּן אַ הלוואה פאַר אַ קיבוץ, וואָס וואַקלט זיך, אויספּלאָנטערן חשבונות מיט דער סוכנות און קלאַפּן אין טיש דאָרט, ווו מ'דאַרף — אַלץ סרוליק: ווער דען?

צענדליקער יאָרן איז ער „סרוליק": כמעט אַ „פּאַך". זייט דעם „פּאַראַיין" אַמאָל אין שטעטל: שטריק פון די בעקער־יונגען און ציוניסטישע „מורשה", וואָס שול־גבאים האָבן געוואָלט מבייש־זיין, שקלים, כרמל־ווייַן, אַקציעס, פּושקעס און די אייביקע „אלמנה", וואָס דער שטעטלדיקער פּראַצענטניק האָט אַרויסגעוואָרפן — אַלעמאָל האָט עמעצער עמעצן אַרויסגעוואָרפן פון ערגעץ — שטענדיק פלעגט מען קומען צו לויפן צו סרוליקן. איז ער אַרויס איבער דער שטאָט, געיאָגט צווישן מאַרק און פּאַראַיין — און דער „פּאַראַיין" פון יענע יאָרן: אַ הייפל משכּילישע בעלי־בתים און ציוניסטישע אײדימלעך, איינער אַ „געענדיקטער", וואָס איז אַהיימגעקומען אויף פּסח, און עטלעכע שטעטלדיקע בחורים מיט געהאַקטע קאַ־פּאָטעס און פּרישטשעס, וואָס זענען געווען „מענטשן ביי יענעם" און מאַנען אַ „הוספה" — אַלע קלאַסן אַרום איין איינציקער אידילישער, כמעט משפּחהדיקער באַריקאַדע.

יאָגט זיך סרוליק צווישן די קראָמען און פאָדערט גערעכטיקייט און מסתמא אויך פרייהייט. שרייען בעלי־בתים, פאַרפּלאָנטערטע מיט בוררות און פּריצים: „אַזאַ גאָרנישט און פאָדערט שוין פרייהייט — שייגאַץ!". סרוליק אָבער מאַכט אַ שווייַג און טוט זיינס אין „פּאַראַיין" און אין מאַרק. אַנדערע פירן דיסקוסיעס וועגן „קראַפט און מאַטעריע" און וועגן דער „מאַכט פון וויסנשאַפט" — סרוליק אָבער: נישט ווינציקער ווי גערעכטיקייט אַליין און טאַקע פרייהייט אויך.

היינט איז ער דאָ, ישראל ישראלי. אָפּגעטון אַ שטיק אַרבעט און נאָך אַלץ שטאַרק פאַרנומען. ער איז פאַריאָגט מיט אַלערליי טועכצער, טוט און שווייגט, שווייגט אויף אַ סך טעמעס מיט איינמאָל, שמייכלט און איילט זיך און האָט נאָך אַלץ אַ פּעסטע, געטרייַע האַנט פאַר אַ ברודער און פאַר אַלע ברידער אינאיינעם — אַלץ סרוליק: ווער דען?

# די זקנים פון צפת

אַזוי זענען מיר אין ישראל: אונטערגענומען זיך זיין יונג אויף די אַלטע יאָרן, איז מען יונג אָן רחמנות — צי מ׳האָט יאָ כוח, צי ניין. האָט דער מלאך זיך פאַרנומען אויף אונדזער דור און געהייסן אים וואַקסן און אַריבערוואַקסן זיך אַליין — ווערט מען גרויס בעל־כרחו. מען וואַקסט בציבור און מיט שותפותדיקן אימפּעט: געפאַלן און ווידער אויפגעשטאַנען, אָן הפסקות, און טאַקע אין סאַמע מיטן שטרויכלען נישט פאַרגעסן וואַקסן אויף קיין איין רגע: אַן עבירה די צייט! נאָר טרעפט אַמאָל, אַז דאָס האַרץ ווערט פאַרמאַטערט פון דער שטענדיקער שפּאַנונג, פון יאָגנדיקן באַרג־אַרויף, מאַכט מען אַ שטיקל אָפּשטעל אין דער דינאַמיק און מען כאַפּט זיך אַריין אויף אַ שבת צי אַזוי אויף אַן אָוונט צו די זקנים פון צפת. זיי דאָרטן זענען פּטור פון ייִדישער וועלט־געשיכטע — און אונטער זייער שוץ קאָן מען פּראַוועון אַ רגע פּריוואַטע אָפּגעשטאַנענקייט.

דאָס איז די לאַנדשאַפט פון זוהר און לכה דודי — בלויער הימל מיט שטערן ווי אַ יום טובדיקער פּרוכת — כאָטש דאָ און דאָרט שפּראָצט שוין אויף אין די בערג דער אָנהייב פון אַ קיבוץ און אָט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון געוועזענע סאָלדאַטן. די שטאָט איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער באַפרייונג־מלחמה. פילט מען שוין אַביסל יוגנט אין די גאַסן. וואַקסט אויס אַ נייער בנין, אַ וואַרשטאַט, אַ פאַבריקל, פאַרנעמט זיך אומזיכער אַ שטיקל שאָסיי, וואָס דערגייט נישט — אָבער בדרך כלל האַלט זיך צפת ביי איר פאַרצייטיקן שטייגער. אין שטאָט „טוט זיך נישט" אָדער כמעט נישט: פיינט געררודער! קיין פּרנסה האָט מען נישט און מען דאַרף נישט — און פון דאגות פּרנסה, וואָס איז אַמאָל געווען אַ „פּאַך" ביי ייִדן, האַלט מען אויך נישט אין צפת. אפנים, דו דאַרפסט העלפן דעם רבש״ע, ער זאָל דיר העלפן? דעם גאַנצן ענין פּרנסה — איז מיר מסביר אַ יונגערמאַן, אַ חריף — האָבן אויסגעטראַכט בטלנים מיט פּוסטע קעפּ. אַ שטייגער, פאָרט אַ ייִד אין באַן, דערמאָנט ער זיך פלוצים און נעמט אונטערשטופּן דעם וואַגאָן מיט זיינע שלאַבערדיקע הענט. ער פאַרגעסט, דער שוטה, אַז אויף צו פירן אַ באַן איז פאַראַן אַ לאָקאָמאָטיוו — און דו זיץ שטיל און באַלאַמוטשע נישט!

זיצן זיי טאַקע גאַנץ שטיל און באַלאַמוטשען ווינציק, די זקנים פון צפת. מיטן פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול האָבן זיי אינגאַנצן קיין געשעפטן נישט. זיי פּראַווען אַ סך תעניתים און אין די טעג, ווען זיי פאַסטן נישט, הונגערט מען. דאָס איז אַ גאַנץ סאָלידער באַזיס פאַר זייערע פּריוואַטע בודזשעטן. אַמאָליקע יאָרן האָט די שטאָט געהאַט אַ שטיקל עקספּאָרט: יידישע חברות און לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע צי אין דרום־אַפריקע, אַליין פאַריאָגטע אין ביזנעס, פלעגן זיך אַמאָל פאַרבענקען נאָך אמתער, היימישער יידישקייט און אויסשרייבן פון צייט צו צייט אַן עכט איינִיקל פון צפת. זאָל זיך דרייען אַ היילִיקער צדיק — אויף נישט צו באַדאַרפן! און זאָל ער זיך דאָרט פּראַווען יידישקייט און „מוציא״ זיין די בעלי בתים. די קהילות און חברות האָבן שיין באַצאָלט און צפת האָט געליפערט כמעט אַן באַגרענעצונג אָריגינאַל־איינִיקלעך פון רוזשינער, סאַנדזער, קאָצקער הויף, בנן של קדושים, איינס ווי איינס. היינט איז בכלל, ווי מען ווייסט, אַ שטיקל קריזיס אין עקספּאָרט — זיצן די איינִיקלעך און ווערן זיידעס און זענען דערווייל עוסק אין אריכת ימים. אין צפת איז מען זיך נוהג מאריך ימים זיין. וואָס איז ס׳געיעג?

און אָט זענען זיי, די זקנים פון צפת: ווייסע כאַלאַטלעך, בעקעשעס און זשופּיצעס און וויבערישע טענדעווערענדעס, ספּאָדיקלעך, טשיפּיקלעך, שטערנטיכלעך און טערקישע פאַטשיילעס — דאָס אַלץ שיט זיך שוין צענדליקער יאָרן און האַלט זיך נאָך פאַר אַ „בגד״. אָט זענען זיידעשע בערד און בערדלעך, וואָס זענען אַזש גרין פון ווייסקייט. אויף אַ הילצערן גאַניקל שטייט אַ רעדל באָבעס: דינע קנייטשעלעך אונטער אַלטפּרענקישע הייבלעך און ציטערשפּילקעס, קנייטשעלעך ווי אויסגראַווירטע אין מאַטן זילבער פון פאַרצייטיקע זילבער־שמידן.

איך האָב געטראָפן אַן אַלטיטשקן אין צפת, וואָס זיינע איינִיקלעך זענען שוין זיידעס „פאַר זיך״. די דאָזיקע גרייזגרויע איינִיקלעך זענען סאַמע שיינע אָרעמעלייט, יעדער איינער „אַ טאַטנס אַ קינד״, און די פּרנסה, וואָס מען האָט נישט, איז בכבוד. זיי זענען אַלע מיוחסים מיט אַ הויכן סטאַנדאַרט פון דלות און זיי זענען ברוגז, ווען עס פּרוווט זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין זייער געהויבענער געפאַלנקייט גלאַט אַ דלפון אָן זכות אָבות, אָן אַ נעכטן, אַן אביון אַ פאַרוועניו, וואָס איז אפשר נאָר וואָס נאָך געווען אַ בעל־הבית: אַן אויפגעקומענער אַראָפּגעקומענער.

און אַן אַנדערער זיידע. איך האָב אים געזען אין דער שול פון אר״י הקדוש. דער אַלטיטשקער קאָרטשעט זיך אין אַ ווינקל איינער אַליין און עפּעס שעפּטשעט ער דאָרט מיט עמיצן וואָס איז נישטאָ. ער כאַפּט מיט „אים״ דעם ערשטן שמועס פאַרן חשבון. עס שמעקט פון דעם אַלטיטשקן מיט „מעבור יבוק״. די פּעדימלעך פלאַקס אויף זיין גאָמבע ציטערן. ער איז נאָך דאָ און שוין „דאָרט״. דער זיידע

לערנט זיך נפטר ווערן — כאַפּט ער נישט אַזוי גיך, איז דאָס אייגענע נאָכאַמאָל. אַט איז ער, דאַכט זיך, שוין כמעט אַריבער אויף יענער זייט — אָבער ס׳איז ווי־דער גאָרנישט. נישטאָ קיין כוח נפטר צו ווערן. ס׳איז עפּעס אַן אַרבעט פּאַר אַ ייִד אַ חלוש? גייט מען אויס אַביסל און רוט זיך אָפּ. דערווייל כאַפּט מען אַריין נאָך אַביסל מקוואות און נאָך תעניתים — ווּעלט איז וועלט — און דאָרט אויבן, מ׳זאָל נישט זינדיקן, איז דאָך דאָס אַלץ נישטאָ. אַזוי דערגייט מען אפשר פּאַ־מעלעך צו שלימות פון פּטירה — נישט ווי די פּראָסטאַקעס, די טאַנדייטנע שטאַר־בערס, וואָס כאַפּן און גייען אויס און פילן אינגאַנצן קיין טעם נישט אין אַוועקגיין פון דער וועלט.

איך בלאָנדזשע צווישן די געסלעך פון צפת. זיי קריכן דאָ איינס אויף ס׳אַנ־דערע, שטופּן זיך אָן אַ טאָלק. בוידעם־שטיבלעך קאָרטשען זיך אונטער שפּיציקע דעכלעך, וואָס רוקן זיך פאַרשאַרטע ווי צעדולטע יאַרמולקעס. פּרוכנע גאַניקלעך הענגען אין דער לופט: יאָ און ניין, דאַכט זיך אָט־אָט... האָט דאָס אָבער קיין כוח נישט אַראָפּצופּאַלן און זשיפּעט דערווייל מעשה „אויפפּוץ״ נאָך אַ צענדליק יאָר. אַ ייִנגעלע מיט שווערע פּיאות אויף אַ בלייך פּנימל ווייזט מיר דעם וועג. די שטאָט איז אַ פּלאָנטער פון קלויזן, בתי מדרשים, מקובלים־שטיבלעך און צע־קרישלטע רעשטלעך פון א מפּולת, וואָס האַלט זיך פּאַר אַ חורבה — אפשר, אַז זי וועט זיך אַנטוויקלען, אומעטום לערנט מען און מען „זאָגט״ און דאָרט, ווו מען זאָגט נישט, דערזאָגט מען פון פריִער. עס שיט זיך זאָגעכץ פון די ווענט, וואָס בייגן זיך פון עלטער. פּאַראַן חסידישע נאַשערס, וואָס האַלטן נישט פון די סקאַרבאָווע שטיקער דאַווענען און „זאָגן״, נאָר קוויקן זיך מיט געקליבענע לאַ־קיטקעס פון באַהאַלטענע קבלה־ספרימלעך. דאָס זענען יראת שמימדיקע פיינ־שמעקערס.

דער פּייזאַזש פון אַלט־צפת: אַחוץ הימל און בערג, וואָס מהיכא תיתי — דער עיקר זוהר און ליקוטים, ווייסע טויבן און בלויער קאַלעך אויף די ווענט. דער קאַלעך שיט זיך אינדרויסן און אינעווייניק, אין די קלויזן, טונקלען שווערע ספרים־אַלמערס און אונטער הויכע געבויגענע סטעליעס קנוילן זיך אַלטע תפילות.

# „גרייט זײַן!“

„אי־שם בארץ“, ערגעצווו אין לאַנד, געפינט זיך אַ זאַמלפונקט פון דער אַרמיי. בין איך נישט לאַנג פאַרבעטן געוואָרן צו אַ באַגעגעניש מיט די יונגע סאָלדאַטן, וואָס זענען נאָר־וואָס אַריין אין דינסט. אַרויסגעפאָרן בין איך מיט געמישטע געפילן: קאַזאַרמע! איך האָב קנאַפּ סימפּאַטיע פאַר דעם מין, זייט איך האָב אַמאָל פרייוויליק געמוזט גיין צו די סאָלדאַטן אין דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע און העלפן פראַנץ יאָזעפן פאַרפירן די מלחמה. מסתמא וואָלט ער געווען פאַרלוירן אויך אָן מיר — אָבער איך האָב אים נישט געקענט אָפּזאָגן. האָב איך זיך איצט אויך געריכט אויף אַ קאַזאַרמע פון די קאַזאַרמעס, טוכלע און אומעטיק, מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סטאַנדאַרט־ריח פון יוכטע, זויערן ווילגאָטש און געשיילטע קאַרטאָפל און די גראָבע וויצן פון אַ רויטן סערזשאַנט מיט געלע וואָנצעס ווי די שטרויענע וויעכעטשעס, וואָס איז הייזעריק פון בראָנפן און קללות.

וויל איך דאָ דערציילן וועגן דער אַנדערשקייט, וואָס איך האָב געטראָפן אין אָט דעם מיליטערישן זאַמלפונקט „ערגעצווו אין ישראל“.

אוודאי, אין ישראל לערנען זיך אַלע יונגעלייט זייַן סאָלדאַטן — ווו נישט? אָבער סאָלדאַטן ביי אונדז הייסט: יונגע ייִדישע בירגער מיט ביקסן, חלוצים, סטודענטן, אַרבעטער — ביקסן אויף נישט צו באַדאַרפן — אָבער ביז מען וועט נישט דאַרפן, און אפשר כדי מען זאָל נישט דאַרפן, דאַרף מען דערווייל. געוויס אַ טראַגישער פלאָנטער, און מסתמא נישט דער לעצטער אין לעבן פון אונדזער פאָלק.

„גרייט זייַן!“ — איז דער פּאָפּולערער פּאַראָל פון די סטראַטעגן אויף דער גאַנצער וועלט און נישט מיר האָבן אים אויסגעטראַכט. מיר, ייִדן, האָבן געלעבט אַלע דורות מיט אַנדערע פסוקים, אין גאַנצן נישט קיין סאָלדאַטסקע, געלעבט אין מאַטערניש און גרויסקייט. און אָט דער מיליטער־פּאַראָל איז די תורה פון די סטראַטעג־גויִים, קורץ און אָפּגעהאַקט: „גרייט זייַן!“

ביי אונדז אין ישראל הייסט דאָס קודם כל גרייט זייַן צו טראָגן דעם שווערן עול פון נישט געווינטער פרייהייט, ווערן געדולדיקע, פאַראַנטוואָרטלעכע שותּפים

צו אונדזער אַלעמענס גרעאַנגל פאַר קיום, צו אונדזער טעגלעכער שאַפערישער מי, צו אונדזער היסטאָרישער אומרו, צו אונדזער רעוואָלוציאָנערער דינאַמיק. האָבן מיר זיך אָפּגעוואָלגערט טויזנטער יאָרן אין די נאַכט־אַזילן פון דער וועלט. אַמאָל אַן אכסניה מיט רציחות און פילאַנטראָפּישן רחמנות און אַמאָל אַ הקדש מיט לוקסוס און מיט „רעכט", וואָס פאַרפליכטן נישט די געבערס. האָבן מיר אַוועקגעגעבן פולע הערצער מיט דאַנק פאַר אָט דעם מיזערנעם גנאָד און אָנגענו־מען ווי אַ גאָב פון גורל, דעם שטעקן און די „לייטזעליקייט" — דערנידערונג אין ביידע פאָרמען. לאָמיר זשע איצט, אויפגעהויבענע פון דעם פרילינג־שטורעם, וואָס טראָגט זיך איבער אונדזער אַלטער ערד, אָפּגעבן זיך אַליין ליבשאַפט און דרך ארץ. מיר וועלן קיין קיום נישט האָבן אָן דעם שטאַרקן עקאָנאָמישן און עטישן אָנשפּאַר אויף דעם שטיקל ערד, וואָס האַלט אין וואַקסן. דאָס איז אונדזער גאַנצע וועלט, מיט שווערע דאגות און מיט פריידן, וואָס צעשרויפּן אַמאָל ביז טרערן: נישטאָ מער ווו צו וואַנדערן, ברידער!

זאַמלען זיך אויף דער אַלטער ערד, אין טומל און אין ענגשאַפט, צאַפּלדיקע שטיקער פאָלק, אָנגעיאָגטע פון אַלע ווינטן, געטריבן איבער ימים און יבשות, צעריסענע משפחות און פאַרלוירענע שבטים, היימישע ייִדן פון אונדזערע קאַנטן און פרעמדע עקזאָטישע ווי לעבעדיק געוואָרענע פרשות חומש. אוראַלטע קהילות און קולטורן מיט איינגעפונדעוועטן שטייגער און מיט ברויזנדיקן אימפּעט פון נאָך נישט באַנוצטער לעבנסקראַפט — דאָס אַלץ קאָכט אין שמעלץ־קעסל פון אונדזער לעבן, גאַרט ווערן איינס און שטאַרק, איינהייטלעך פאָלק מיט שותפות־דיקן גורל און דאַך איבערן קאָפּ; מיט שותפותדיקן כוח און ברויט און כבוד; מיט שותפותדיקער פאָלקס־געשטאַלט, מיט שותפותדיקער שפּראַך, וואָס אַלע זאָלן פאַרשטיין אין פשוטן און טיפסטן זין פון וואָרט. וועסטו נישט יוצא זיין, ברודער, מיט דער טוריסטישער באַוווּנדערונג פון דער בונטער תנ"כישער מענטשן־פּאַנאָ־ראַמע, וואָס לויכט אין אונדזערע שטעט און דערפער מיט גלי־פאַרבן פון ווייטיק און פון גדלות, אין דער עפּאָפּיי פון קיבוץ־גלויות. אין גלאַנץ פון פייערלעך צע־צונדענעם יום־טוב מישט זיך האַרבער, גרויער אינדערוואָכן — און ביידע ספערן זענען איינס.

שטיי איך דאָ אַ ווײַלע צווישן אָט דער חברה יונגוואַרג, וואָס דאַרף ווערן סאָלדאַטן אין ישראל: פעסטע, ברוינע סאַבּרעס פון קיבוץ און לייכטע רעשיקע ספּאָרט־באָיס פון אַמעריקע, ברייט־ביינערדיקע יונגען פון בולגאַריע און דאַרע, דראָטענע פאַרשווינדלעך פון תימן, קרעפּטיקע בחורים פון פוילן און פראַנטן פון אַרגענטינע, פון פראַנקרייך, פון בבל און פון דייטשע לאַגערן, בלאָנדע און טונ־קעלע, בויגעוודיקע און געפּאַקטע, שטילע און צעלאָזנע, די מיט ווילערישע

וואַנצעלעך, ווי פֿאַרשוויגען פֿון אַ פּילם, און יענע מיט יונגע בערדלעך, ווייכע אָדער דראָטענע — און פֿאַרן אַפּילו פּיאות אויך, פּיאות גלייך פֿון בית מדרש, וואָס ציטערן אין אַן איידל פּנים, זענען עפּעס נישט אין גאַנצן זיכער מיט דער נייער סביבה, און קאָמבינירן זיך פֿונדעסטוועגן ווי איין גאַנצער גאַרניטור מיט אַ פּאָר יונגע שטאַרקע הענט — און אַלע אין איינעם, אַ גאַנצע שטאָט מיט יונגוואַרג, אַקראָבאַטעווען, שפּרינגען, שיסן, טומלען אין קאַזאַרמע און אין די מיליטערישע קלובן, לאַכן, זינגען, היצן זיך אויף פֿאַרשידענע לשונות, וואָס גיסן זיך אַריין אין איין איינציקער שפּראַך, אין איין גייסט. רעדן דערווײַל נאָך מיט אַ סך גרייזן, גרויסע העזהדיקע גרייזן, וואָס האָבן פֿיינט, אַז מען שלאָגט זיי איבער און שטעלט זיי אָפּ — לאָז שטאַמלען! ס׳וועט שוין ווערן העברעיִש דערפֿון, היינט אָדער מאָרגן. זאָל זיין סאָלדאַטסקע העברעיִש — מ׳דאַרף דאָס אויך.

געדענק איך ווײַטע קינדעריאָרן אין גאַליציש שטעטל, ווו די יונגע פּעטערס האָבן נישט געוואָלט זיין קיין סאָלדאַטן. דרייט זיך ר׳ יונה מעכל, „לאַנדשטירמער״ פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ חסיד מיט אַ ביקס, אַ דעמבענער ייִד מיט אַ שווערער קופּערנער באָרד און מיט אַ חסידישן ספר אין פּאזוכע פֿון מיליטערישן מאַנטל. אָט דער ייִד האָט עסקים מיט קבלה און האָט פֿיינט די מלחמה ווי חזיר, און צעשרויפֿן און מאָנטירן די ביקס איינס־צווי, קריכט אין אים פּשוט נישט אין חריפֿותדיקן קאָפּ אַריין. איין מאָל ניין — און פֿאַרוואָס טאַקע יאָ? און אָט איז נעבעך אַן אַנדערער, הייסט ער, ווי אויף זבידקעס, ישראל מלך זויערטייג און איז אַ שלאָף ייִדל, כמעט אַ ייִדענע, מיט אַ לויזער באָרד, וואָס צערינט זיך. דערצו איז דער ייִד אַ פֿאַרפֿונדעוועטער אָרעמאַן, האָט נישט קיין פּרנסה און דאַרף נישט, און פּירט נישט מיט דער וועלט קיין געשעפֿטן. וואָס זשע וויל מען פֿון דעם ייִד? האָט מען אים מיט בייזן חוזק קאָמאַנדירט דווקא צו די פֿעלד־הינט, פֿאַר וועלכע ער האָט מורא. הענגט אויף דעם ייִד אַ גויִשער שינעל ווי אַ צעקראָכענע קאַפּאָטע, אָבער אָן אַ נשמה, און דער „פֿאַרדאָסטער״ דאַשעק איבער די אויגן — אַזאַ יאָר אויף דער וועלט! יענע אָבער, די וועלט, וויל פֿון גאָרנישט וויסן און שלעפּט אַוועק די חסידישע יונגעלייט פֿון די שיינע רמב״מס און יונגע ווייבלעך, פֿון די וואַרעמע זידעטשויוער ניגונים, פֿון באַהאַלטענע השכלה־ספֿרימלעך און הייסט זיי דווקא „פֿאַלן ווי די העלדן״. זיי האָבן דערצו קיין כּוח נישט און זיי ווייסן אין גאַנצן נישט, פֿאַרוואָס קומט זיי דער כּבוד.

דאָס זענען געווען אַמאָל סאָלדאַטן ביי ייִדן. און היינט אין ישראל זענען אונדזערע יונגע לייט אויך עוסק אין מיליטער, אָבער פֿון סאָלדאַטשינע האַלטן מיר טאַקע וויטער נישט. נישט דאָס איז אונדזער וועג. מען לערנט זיך זיין סאָלדאַטן, ווייל מיר ווילן לעבן בשלום אין אונדזער פֿאָטערלאַנד. מיר ווילן באַשיצן אונ־

דזערע גרענעצן, אונדזערע שטיבער, אונדזערע משפחות, אונדזערע שטעט און דערפער, די קולטור, וואָס מיר שאַפן אין די מדבריות, די פעלדער און דעם ים, דאָס שווערע פאַרהאָרעוועטע שטיקל לעבן, וואָס וואַקסט אויס אין אונדזער היים. זי איז אונדז געגעבן שווער אָנגעקומען, די היים, איז זי ביי אונדז אוודאי ווערט מען זאָל זי באַשיצן מיט אַלע כוחות, מיט ליבשאַפט און מסירת נפש. דאָס איז דער זין פון אונדזער פאַראָל: „גרייט זייַן!" לעבן אין פרייהייט, ווי אַ פאָלק אויף זייַן ערד.

איך זע די ייִנגלעך און די מיידלעך אין דעם מיליטערישן זאַמלפונקט, פאַר־האָרעוועטע אין דעם שווערן דריל, אָפּגעברענטע און פאַרשטויבטע, און איך פיל ווי עס שטראַלט אַרויס פון זיי דאָס לויטערע ליכט פון אהבת ישראל, ליב־שאַפט אין טאָפּלטן זין: ישראל, דאָס פאָלק און די ערד. פון קינדווייז אָן האָבן זיי געלערנט אויפזוכן און אויסצערטלען יעדעס גרעזל אין דער לאַנדשאַפט, יעדן שטיין, יעדעס אויסגעטריקנטע טייכל און יעדן ציטעריקן אָנהייב פון אַ וועלדל. די גאַנצע אַנטדרימלטע לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך אונטער זייערע ליבעפולע הענט אויפגעוועקט. זי האָט זיך אָפּגעפונען, די ערד פון איר פאַרלוירנקייט, האָט זיך ווידער אַנטפּלעקט, די פאַרהוילענע, די דערווייטערטע. און איצט זענען די ייִנגלעך די היטערס פון אונדזערע גרענעצן.

# שטאָט אינדרויסן

דאָס איז תל אביב — אַ שטאָט „אינדרויסן", אונטערן פרייען הימל, נישט באַוויזן צו פאַרמאַכן זיך, צו ווערן שווער און טונקל, אַרויפּצוציען אויף זיך טראַ־דיציע. די שטאָט איז יונג, לייכט און ליכטיק, ווייסע הייזער און העלע באַלקאָנען און קליינע קאַפעס, צעשאָטענע איבער דער גאַס, מיט גוט אויפגעלייגטע „זיצערס" און געמיטלעכע לײדיקגייערס, וואָס גיבן צו דער שטאָט דעם קאָלאָריט פון חול המועד. אָט זענען אַלייען און גערטלעך, ביימער און בלומען און קינדערלעך און אַ גרין־צעפּינקלטער בלויער ים, וואָס ווינקט מיט ווייטער וועלט. שפּרייט זיך דער ים אינמיטן שטאָט, שפּילט זיך מיט שטראַלן, מיט שטיפערישע ווינטלעך מיט ברוגזע כמאַרעס.

די שטאָט איז נאָך קיין פופציק יאָר נישט אַלט, קען זיך נאָך נישט גרויסן מיט „דורות". די דורות זענען מיר אַליין: דו און איך. מיר זענען צוגעוווינט אין ישראל צו שטעט און דערפער, וואָס גיבן אַ שפּראָץ אויף און וואַקסן העזהדיק איבער נאַכט: שוין! אָבער תל אביב איז געווען די ערשטע ייִדישע שטאָט אויף דער וועלט און איר גרויסע מעלה: זי מאָנט ביי קיינעם גאָרנישט פאַר איר ערשט־קייט. די שטאָט איז צוגעלאָזט, מיט יעדן „גוטער ברודער", און איר אייגנאַרט באַשטייט אין דעם, וואָס מען קומט דאָ אויס אָן אייגנאַרט. די שטאָט האַלט זיך נאָך אַלץ אין איין אימפּראָוויזירן, זינט זי האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז געבוירן ווערן מיט קאַרגע פופציק יאָר צוריק. זי האָט דעמאָלט נישט געוואַרט ביז „עס וועט קומען די צייט", נאָר געגנומען און אַוועקגעשטעלט זיך אויף די זאַמדן, איינע אַליין, כמעט אינגאַנצן אָן „סטיל".

אין תל אביב איז נאָך אַלץ אָפּן — און אינדרויסן ביסטו אויך אינדערהיים. טײלמאָל דאַכט זיך, אַז די שטיבער זענען אַן אָרגאַנישע פאַרלענגערונג פון דער גאַס, פון פאַרק, ווו עס שפּילן זיך אין בונטע רעשיקע קאַראַהאָדן בלאָנדע און טונקעלע צאַברעלעך אויפן פאָן פון אָפּגעאַרבעטע זקנים, וואָס דומען מיט דורכ־זיכטיקער בלייכקייט אויף גרינע גאָרטן־בענק. זיצט צווישן די זקנים איינער אַ

לעצטער פון די ערשטע, וואָס האָבן אין יאָר 1908 געגרינדעט די שטאָט: גרויער אָפּגעקראָכענער טראָפּן־העלמעט, אַביסל צו גרויס, איבער ווייסן קמץ־בערדל, וואָס שוואַרצערהייט איז דאָס געווען אַן עמבלעם פון קעמפערישער השכלה און ציוניסטישער העזה. היינט דרימלט דער טראָפּן־העלמעט און קען זיך נישט דער־מאָנען אַקוראַט, צי האָט מען אין יענע טעג „אחוזת בית״ טאַקע געמיינט אַזאַ דינאַמישע שטאָט, וואָס טומלט מיט אַרבעט, אינדוסטרי און מלאכה; מיט אימ־פעטיקן האַנדל און אויפטוערישקייט, מיט קונסט און וויסנשאַפט, טעאַטערס, מו־זיק און מוסטער־שולן — אַ שטאָט, וואָס איז שוין היינט די גרעסטע אין לאַנד און איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק מיט איר וואַקסן, האַלט זיך אין איין אויס־שפּרייטן און אויפצערן די לעצטע זאַמד־רעזערוון.

אָנגעהויבן האָט תל אביב ווי אַ צוגאָב צו יפו: אַן אויפפּוץ. געווען דעמאָלט אין יפו עטלעכע צענדליק גוט־געשטעלטע סוחרים, בעלי בתים, העברעיִשע לע־רערס און אַנדערע אינטעליגענטן, נאָר וואָס געקומענע פון רוסלאַנד, גאַליציע, רומעניע, אַביסל באַאַמטע פון „פּאַלעסטינע־אַמט״, וואָס זייַן צענטער איז געווען אין ווין, האָבן די מענטשן געוואָלט אַרויס פון די קוויטיקע טוכלע געסלעך פון אַלטן יפו און מ׳האָט אָנגעהויבן אויפבויען שטיבלעך הינטער דער שטאָט, כדי צו זיין צווישן אייגענע, פאַרברענגען די אָוונטן מיט ציון־לידער, שאַך און ווי־סאָצקיס טיי אונטערן בליצלאָמפּ, מיט שמועסן וועגן טעאָדאָר הערצל און דעם טערק און דעם „באַראָן״, וועגן מענדעלע מוכר ספרים און די חובבי ציון פון אָדעס. היינט איז פון די ערשטע שטיבלעך אין די זאַמדן אויסגעוואַקסן אַ גרויסע שטאָט און יעדן טאָג קומען צו נייע שטיקער שטאָט. אָט צעגראָבט מען ערגעץ אַ שטיקל ערד, ווערט דאָרט אַ פונדאַמענט פאַר אַ ניי הויז און באַלד זעט איר דאָ אַ פרישע גאַס און אויף אַ נייעם קוואַרטאַל דאַרף מען שוין לאַנג נישט וואַרטן. די שטאָט בויט זיך גיך און האָט קיין צייט נישט זיך אָפּצושטעלן. מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן היימען אין אַלע לענדער פון דער וועלט, אַנטשליסן זיך לייכט אָנצוהייבן פונסניי אין איינעם פון די יונגע לייכטנדיקע הייזער מיט די פלאַכע דעכער אָן שפּיצן און טורעמלעך און אָן טונקעלע בוידימער, ווו עס פלעגן זיך אַלעמאָל פלאָדזיען חלומות.

די שטאָט תל אביב און די קיבוצים איבערן גאַנצן לאַנד זענען געווען די לאַבאָראַטאָריע, ווו דער ישוב האָט זיך פּאַמעלעך געלערנט ווערן אַ מלוכה. דאָ האָט געשפּראָצט מלוכהשע סוווערעניטעט אין קליינעם פאָרמאַט, אין אַ צייט, ווען מען האָט דאָס דאָזיקע וואָרט נאָך נישט געטאָרט אַרויסזאָגן. דאָס לאַנד איז דע־מאָלט געווען פול מיט בריטישע קאָלאָניאַל־באַאַמטע און פּאָליציסטן, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אויף היטן זייער אָרדענונג און אויף פּאַרוואַלטן מיט „נייטיוס״ — זענען זיי אין תל אביב צום ערשטן מאָל געוואָרן אַביסל אומזיכערער מיט

זייער האָפּערדיקייט. זיי האָבן געפּאַכעט מיט די גומענע שטעקעלעך און געטראָגן אַרום די שפּיציקע וואָנצעלעך דעם ציניש „פון־אויבן־אַראָפּ", וואָס מען האָט זיי מיטגעגעבן פון דער היים. אין תל אביב האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָ „גייט דאָס נישט". יאָגט אינמיטן טאָג אויף אַלענבי אַן אויטאָ מיט אַ בריטישן גדול און וויל פאַרקערעווען אויף אחד העם־גאַס, שטעלט מען אים אָפּ: דאָ וווינט אחד העם און צווישן 2 און 4 בייטאָג רוט ער — דאַרף רוען די גאַנצע גאַס.

תל אביב איז היינט פאַראייניקט מיט יפו אין איין שטאָט: תל אביב—יפו. איז די פאַראייניקטע שטאָט אפשר אַביסל צו גרויס און נאָך נישט אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן. ווי אַ ישראלישע שטאָט איז די אַלטע יפו יינגער ווי תל אביב, וואָס איז שוין אין אַ געוויסער מאָס קאָנסאָלידירט מיט איר מער־ווייניקער האָ־מאָגענער באַפעלקערונג. אין יפו אָבער האָבן זיך נאָך דער באַפרייונג־מלחמה אָנגעקליבן צענדליקער טויזנטער נייע עולים פון מזרח־אייראָפּע און פון אָריענ־טאַלישע לענדער, וואָס „קאָכן זיך" נאָך און האָבן נאָך נישט באַוויזן אויסצופורע־מען די געשטאַלט פון דער נייער שטאָט. אַ סך האַלטן זיך נאָך ביי זייער עקזאָ־טישן שטייגער, ביי זייער מיטגעבראַכטן לעבנס־סטאַנדאַרט, רעדן נאָך זייערע „זיבעציק לשונות" און אַלע אויפן קול; גייען נאָך אָנגעטון אַביסל מיט אַ לעוואַנ־טישן גרילץ — האַלט מען זיך אַביסל אָפּגעזונדערט פון תל אביב, ווייל מען איז חושד, אַז יענע „בלאָזן זיך" מיט זייער אַלטגעזעסנקייט. וווינט מען נאָך דאָ און דאָרט „פּראָוויזאָריש", אין נייע נישט פאַרענדיקטע הייזער אָדער אין אַלטע בנינים, צעשעדיקטע אין דער מלחמה, וואָס מ'האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַ־ריכטן. האַלט מען זיך נאָך אַלץ ביי געוויסע מיטגעבראַכטע מנהגים אין אַרבעט און מסחר און ביים פאַרברענגען. אָבער אַלע פילן: ס'איז אַ פראַגע פון נאָך אַביסל צייט און מער ווי אַביסל געדולד — וועלן די מחיצות פאַלן אינגאַנצן און בידע העלפטן פון תל אביב—יפו וועלן זיך צונויפשמעלצן און ווערן איינס, נישט נאָר אין דער קאָמונאַלער אַדמיניסטראַציע. שוין היינט מישן זיך די קינ־דער, היימישע און „עקזאָטישע", אין איין שול, ווו מען לערנט אינאיינעם און מען שפּילט זיך אינאיינעם, און אַרבעטער מישן זיך אין איין הסתדרות, שטייען אין איין וואַרשטאַט, איינער ביים אַנדערן, און האָבן די אייגענע אינטערעסן און אויך מיט חתונות ווערט די אָפּגעזונדערטקייט אַלץ שוואַכער. דאָס איז תל אביב, איר געשטאַלט און איר פּראָבלעמאַטיק: אַלץ נאָך נישט פאַרטיק. דאַרף מען נאָר אַביסל אונטערהעלפן דער לעבעדיקער רעאַליטעט — און מיר וועלן דאָ האָבן איין גרויסע שטאָט מיט יידן, ווו דער נחת און די דאגות וועלן זיין שותפותדיקע, דער פאַרהאָרעוועטער אינדערוואָכן און דער גלאַנץ פון שבת.

געדענק איך אַמאָליקע שבתים אין תל אביב — און „אַמאָל" מיינט אין תל אביב אינגאַנצן מיט אַ פופצן יאָר צוריק, פאַר דער מלחמה. די שטאָט איז

געוועזן אינטים און גרויס און יעדער האָט זיך אַרויסגעזען אויף זיין אָרט. געוועזן אַ שטאָט פון וויניציק גאַסן און וויניציק הייזער, אַ שטאָט מיט אַ סך פרייען פּלאַץ און געקליבענע מענטשן, איינס ווי איינס. איינער האָט געקענט דעם אַנדערן און מ׳האָט זיך גערופן ביים ערשטן נאָמען: איין גרויסע משפחה. קומט פרייטיק פאַרנאַכט, פאָרט אַרויס אַ ייד אויף אַן אייזעלע איבער די הויפּטגאַסן פון שטאָט. ס׳איז שוין נאָכן מרחץ און די באָרד איז ברייט צעקעמט אויף צוויי ערלעכע חלקים. גיט דער ייד אַ שאַל מיט אַ טראָמפּייט, וואָס קרימט זיך נאָך אַ שופר, וואָס האַלט זיך פאַר אַ טרומפּייט. ווערן באַלד פאַרשלאָסן די טירן פון ביוראָס און געשעפטן: שבת! נישטאָ קיין קינאָ, קיין טעאַטער, קיין קאָנצערט — שבת אַליין איז תענוג און פאַרוויילונג, שבת פאַר אַלעמען, פאַר פרומע און פאַר פרייע, איינער אין בית־מדרש און איינער ביים ים. יאָגן די אויטאָבוסן אין די גאַראַזשן און מענטשן, וואָס גייען פון דער אַרבעט, כאַפּן גיך אַהיים ווייַן און בלומען לכבוד שבת. לייכטן העלע באַלקאָנען פרייטיק צו נאַכטס און אַלע גייען צו אַלעמען אין תל אביב. טיילמאָל דאַכט זיך, די שטיבלעך רוקן זיך צונויף און מען פאַרברענגט אינאיינעם. זענען די טירן אָפן בייטאָג און ביינאַכט און ווערטלזאַגערס חקרנען זיך, אַז ס׳איז זיי לאַנגווייליק אָן אַ גנב אין אַ שטאָט, אָדער כאָטש אַ שטיקל שיכור. ווילן זיין „ככל הגויים״ און האַלטן עס פאַר אַ שטיקל פּגם אין דער רענעסאַנס, וואָס מיר בויען אַ לאַנד אָן אַ יידישן אָריגינאַל־פאַרברעכער.

זייט דעמאָלט האָבן זיך אַ סך זאַכן געביטן אין ישראל און אויך אין תל אביב. די אינטימיטעט איז אַוועק, אָבער גוטברודעריש איז די שטאָט געבליבן ביזן היינטיקן טאָג און איר טומל איז געמיטלעך. תל אביב באַלאַמוטשעט נישט מיט נוסח. זי האָט נישט און דאַרף נישט. — אפשר שפּעטער! מיר זענען דאָ נאָך אַלץ ווי איין דור: די ערשטע און די היינטיקע. צו זיין אין ירושלים דאַרף מען, אַזויצוזאָגן, באַלייגן אַן עקזאַמען. די שטאָט איז פאַרשלאָסן מיט שווערע טויערן, מיט בערג און יאָרטויזנטער, מיט געשיכטע און לעגענדע. תל אביב איז לייכט און אָן אָנשטעלן און קיינער וואָרט נישט מען זאָל אים „אויפנעמען״. מיר זענען דאָ אַלע גלייך, דער אורח און דער בעל הבית, און אויף דעם יחוס פון דער שטאָט אַרבעטן אַלע אינאיינעם.

# אין דאָרף פון די ליזבאָוויטשער

ווער ס׳מאַכט רייזעס איבער דער וועלט און לייגט גרויסע הוצאות, כדי אַהיימצוקומען מיט אַ ליידיק האַרץ — און איך האָב זיך די טעג אַריינגעכאַפּט אין איינעם אַ דאָרף הינטער לוד, אַ „כפר נטוש״, אַ פאַרלאָזן אַראַביש דאָרף; בין איך נישט זיכער, צי איז דאָס נישט אַ שטיק וועלט. איך גיי אויף די טוי־פייכטע זאַמדיקע דאָרף־סטעזשקעס. יונגער בלוילעכער אָוונט לייגט זיך ווי אַן איבערגעקערטער קרישטאָלענער בעכער איבער דעם ווייך־איינגעשטילטן לעבן. שטייען שטיינערנע שטיבער מיט גראָבע מויערן און אַלט־פּרענקישע פריזבעס פאַר די טירן, אויף וועלכע עס פעלן די באָבעס פון אונדזער קינדהייט. דאָס דאָרף פּלאָנטערט זיך צווישן זאַמדיקע בערגלעך און זאַפטיקע טאָלן, צווישן פעלדער, פּרדסים, ווייַנגערטנער; צווישן טונקעלע שטאַלן, ווו עס זילבערט זיך די פאַרע פון מילך, צווישן צעגאָנערטע הינערשטייגן, פון וועלכע עס צאַנקען אַרויס אין אָוונט געלע פלעמלעך פון פויערישע לאַמטערנעס.

שטייען אַרומגעפּאַרקנטע הויפן און ווייסן אַלייך נישט, ווען זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין פעלדער, און חברה קליינוואַרג, הייזעריק געוואָרן פון אַ לאַנגן טאָג פאַרשייטקייט, דריגעט אַרויף צו אַ יונגער לבנה. גראָד איז דער הימל פאַרנומען מיט די עראָפּלאַנען, וואָס קומען קיין לוד אָדער גייען אַוועק פון דאַנען אין דער נאַכט אַריין. זייערע גרינע און רויטע ליכט־סיגנאַלן באַלאַמוטשען חוצפּהדיק די שטערן, וואָס דאַרפן דאָ פינקלען ווי אַלעמאָל. זיי ווערן נישט נתפּעל פון דער גרילציקער טעכניק, וואָס וויל אַלץ פאַרכאַפּן, און זיי בלישטשען ווייטער אויף זייער שטייגער, ווי אין דער נאַכט פון בראשית. ציט זיך פון ערגעץ אַ שווערער אָוונטלעכער ניגון; אַ ניגון, וואָס האָט נישט קיין ווערטער: האָט נישט און דאַרף נישט. ער טראָגט זיך מיט ברוסטיקע מאַנסבילישע קולות, מיט פולע, טונקעלע באַסן ווי ערגעץ פון אַ וואַלד, צי פון אַ ברונעם, חזרט זיך איבער מיט עקשנות־דיקער שיינקייט, צעוואַקסט זיך און ברויזט אָרגלדיק, מיט שטילער, שטאַרקער קראַפט פון בענקשאַפט צום שורש, פון אומעט, וואָס זינגט זיך פאַמעלעך אַריבער

אין טרייסט און צעלאָזט זיך דערנאָך אין אויפֿלייכטנדיקער גלויביקער פֿרייד: אַ ניגון, אַ 96ער.

אפֿשר שטויסט איר זיך שוין אָן, אַז איך בין אין דעם דאָרף פֿון די חבד־ניקעס, כּפֿר ספֿריה הייסט דאָס דאָרף און אפֿשר שפּריר אָדער גאָר פּשוט כּפֿר חבד — מ׳ווייסט נאָך נישט אַקוראַט. פֿאַראַן בילכערע דאגות אין ישׂראל, ווי אויס־טראַכטן אַ נאָמען פֿאַר אַ נייעם דאָרף, אַ כּפֿר נטוש, וווּ עס האָבן אַמאָל געוווינט אַראַבער און היינט לעבן דאָרט סאַמע ליובאַוויטשער חסידים. דאָס איז איינס פֿון די אַרבעטער־דערפֿער אין ישׂראל, וואָס זענען אויסגעוואַקסן נאָך דער גרינדונג פֿון דער מדינה, אַ מין פֿרייער קאָאָפּעראַטיוו מיט שותּפֿותדיקע פּראָדוציר־מיטלען — אָבער שותּפֿותדיקע זענען דאָ אויך די חסידישע אַרבעט התלהבות, וואָס שמעקט מיט „עבֿודה״, און די ליבשאַפֿט צו דער ערד, אויף וועלכער עס האָבן זיך באַזעצט אַרום פֿיר הונדערט משפּחות חבדניקעס.

קומען פֿון די אָוונטלעכע פֿעלדער ייִדן מיט פּויערישע כּלים אויף די פּלייצעס און ווייבער מיט לאָמטערנעס טראָגן פֿון שטאַל פֿולע קאַנען פֿאַרעדיקע מילך און אַ „פֿאַדאַליק״ אייער פֿון הינערשטייג. נעמט אַ פֿאַרדבקהטער יונגערמאַן אַ ביקס אויפֿן אַקסל און גייט אַרויס אויף ביינאַכטיקער שמירה אין די פֿעלדער און פּרדסים און אַ רעדל ייִדן פֿאַרריכט דעם טראַקטאָר מיט אַזאַ פֿייערלעכן גערודער, ווי מען פֿלעגט מחדש זיין די לבֿנה אין שטעטל, און איינער ליגט אונטערן לאַסט־אויטאָ און באַברעט זיך מיטן מאָטאָר. און אַלע איניינעם זענען ליובאַוויטשער חסידים, ממשותדיקע חסידים „אין פֿולער באַשעפֿטיקונג״. נישט קיין ליטעראַריזירטע אַ לאַ פּרץ. זיי דאַוונען און זאָגן איבער דעם רבס אַ מאמר, פֿאַר און נאָך דער אַרבעט, זאָגן אַ ניגון און טרינקען לחיים. שטייען אויף דער ערד, נאָענט צום הימל און זייערע גרויסע ביינערדיקע פּנימער לייכטן אַרויס פּנימיותדיק פֿון שווערע, שוואַרצע בערד.

וואָס זשע איז די התפּעלות, מענטש איינער? נישט געזען נאָך אויף דער וועלט קיין פּויערים מיט בערד און גענאַנגען? דאָן־קאָזאַקן האָבן אויך לידער און וועמען ווילסטו אימפּאָנירן מיט קי אונטער דער לבֿנה און שטערן איבערן שטאַל? דאָס זענען סאַמע באַקאַנטע רעקוויזיטן, וואָס ווערן געבראַכט אין די ביכלעך: נישט מער ווי נאָרמאַל. אפֿשר. אָבער „נאָרמאַל״, ווייסן מיר, איז געווען, אַז ייִדן, וואָס האָבן דווקא געוואָלט היטן טראַדיציע און בלייבן דאַוונערס און לערנערס אין דער פֿרעמד, זענען געווען די שטעטלדיקע קרעמערס און בעלי־מלאָכות, כּלי־קודש און שטעקל־דרייערס, וואָס האָבן זיך אַלע יאָרן געדרייט אין מאַרק איינער אַרום אַנדערן און אַלע איניינעם אַרום דעם גוי, וואָס האָט זיך פֿלוצים אויסגעלאָזט אינגאַנצן: נישטאָ. די דאָזיקע ייִדן זיינען געווען קאַנדידאַטן מיט די בעסטע שאַנסן אויף לומפּן־בורזשואַזיע. דאָס אַלץ איז געווען „נאָרמאַל״

אומעטום, ווו ייִדן הענגען אין דער לופט מיט זייערע פּרנסות, מיט זייער לייב און לעבן.

אין ישראל זענען אַ סך פון די דאָזיקע ייִדן, לײַדער נישט אַלע, געוואָרן האַרעפּאַשניקעס — און אפשר מעג מען זאָגן, אַז אינדרויסן, אויף די פעלדער, אין ערלעכער פאַרקניפּונג פון לעבן מיט שאַפערישער האַרעוואַניע אין דער נאַטור, האָט אויך חב״ד באַקומען אַ נײַעם שטאַרקן לעבנס־אימפּולס. האָט געזאָגט דוד המלך „אמת מארץ תצמח״, דער אמת וואַקסט פון דער ערד, איז אפשר כדאי, זיך אַראָפּצובייגן טיף צו איר און אויפהייבן דעם אמת. האָבן דאָ חב״דער ייִנגלעך, אין דער קליינער דאָרפישער ישיבה און בײַ די פערד, האָפערדיקע פּיאות אויף געזונטע פויערישע באַקן, פּיאות אָן פּחד, און די חב״דער ווייבלעך צעשטראַלן וואַרעמען חן אונטער פּראָסטע דאָרפישע קאָפּטיכלעך. זינגען די מאַנסבילן בײַ־נאַכט נאָך דער אַרבעט אין פעלד שווערמוטיקע ניגונים מיט האַרבער חסידישער שיינקייט, וואָס ציט זיך און דראַפּעט זיך אויף אַ הויכן לייטער פון „פאַלן״, וואָס הייבן זיך אַלץ העכער. קאָן זײַן, אַז דער שורש פון דער דאָזיקער נגינה ליגט נאָך ערגעץ ווײַט אין דער אוקראַינער אָדער ליטווישער לאַנדשאַפט, צווישן יענע פרעמדע פעלדער, מיט וועלכע עס האָבן געהאַנדלט אונדזערע פעטערס, די בריהס, אָדער דורך וועלכע מיר זענען געיאָגט געוואָרן לאַנגע דורות אויף בלוטיקע וועגן.

ווער ווייסט, צי האָט נישט דער חב״דער ניגון באַקומען זײַן אמתן תיקון אין דעם פאַרלאָזענעם אַראַבישן דאָרף ספריה בײַ לוד, צווישן די קילע אָוונטלעכע ווײַנגערטנער מיט די שווערע טרויבן־געהענגלס, אָנגעגאָסענע מיט זיסער שאַרפ־קייט. טרויבן־געהענגלס פלעגן ייִדן פאַרצײַטנס באַנוצן דער עיקר ווי אַלעגאָריעס פון חכמה — וואָס זשע איז אַרויסגעקומען פון דער חכמה, ברידער? האָט מען זיך מיישב געווען אין ספריה און אין אַלע איבעריקע דערפער אין ישראל און מען האָט זיך גענומען מיינען די אַלע אַלעגאָריעס טאַקע אויפן רעכטן אמת. דאָס איז די טיפע שטילע רעוואָלוציע פון נוסח ישראל: דער בעסטער משל איז דער נמשל אַליין. טרויבן זײַנען טרויבן און אַרבעט מיינט אַרבעט און אויך קאַמף האָט זײַן קלאָרן שאַרפן טײַטש. דאָס אייגענע איז מיט ברויט און מיט פרייהייט און מיט דעם אַלטן חומשדיקן „מילך און האָניק״, אויף וועלכן מיר האָבן אַ היפּאָטעק: האָבן מיר טאַקע!

# די באָבע פון באַברויסק

יעדן טאָג קומען ייִדן קיין ישראל, ייִדן פון אַלע עקן וועלט, ייִנגוואַרג און עלטערע מענטשן. זיי קומען מיט פרייד און מיט דאגות, מיט קינדערלעך, פעקלעך, גערודער, האָפענונג און ציטערניש, אָרדענען זיך איין לייכטער צי שווערער, ווערן אַריינגענומען אין דער וואַקסנדיקער משפחה — און געענדיקט. געענדיקט? אָנגעהויבן, ברודער! אָנגעהויבן מיט מזל! דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין אַ סך געניטע, געטרייע הענט אין פעלד און פאַבריק, אין שטאָט און אין דאָרף, אויף רושטאָוואַניעס פון נייע הייזער, אויף שאָסייען, באַנען און בריקן, ביי באַוואַסערונג און וואַלד־פלאַנצונג — גיב זיך אַ ריר, ברודער, און פאַרנעם דיין אָרט ביי דער אַרבעט. וואָס גיכער דו הערסט דיר אויף פּיעשטשען און זיין אַ „פּראָבלעם“, אַלץ געזונטער פאַר דיר און פאַרן לאַנד. אַבי נאָר געקומען און גענומען עפּעס טון, ביזטו שוין אינדערהיים, פונקט אַזאַ מיוחס ווי אַלע, וואָס זיינען געקומען פאַר דיר, און ווי יענע, וואָס דאַרפן ערשט קומען. דאָס איז דער פּענאָמען פון קיבוץ גלויות. ?

איז אָבער די טעג געקומען אין לאַנד אַריין איינע אַן אַלטיטשקע פון באָברויסק — האָבן זי אַלע אויפגענומען מיט אַ פריידיקן ציטער: אַהיימגעקומען אונדזער אַלעמענס באָבע. און געקומען איז זי אַזוי אומגעריכט, די ערשטע פון ראַטנפאַרבאַנד: אַ באָבע — אַ פּיאָנער. אַ סך מענטשן זיינען אַרויסגעפאָרן אויפן פליפעלד קיין לוד און אַלע האָבן געזען ווי די זקנה פאַלט צו דער ערד און באַגיסט דעם אַספאַלט מיט טרערן. לוד איז געוווינט צו געוויין פון פרייד. דאָ האָבן געוויינט ייִדן פון בבל און פון תימן, וואָגלדיקע שבטים, אַהיימגעקומען פון פּיין און פחד און שפלות, געקומען מיט גאַנצע פּעק עלנט און אָרעמקייט, פון וועלכע מען דאַרף דאָ מאַכן אַ היים מיט אַרבעט און כבוד — און איצט פלאַטערט דאָ דאָס אָרעמע דערפרייטע האַרץ פון אַן אַלטן איינזאַמען מענטש, וואָס האַלט שוין באַלד נאָך אַלעמען און וויל שוין כמעט גאָרנישט מער פון לעבן, אַ חוץ אַ שטילן, ווייכן פאַרנאַכט צווישן אייגענע מענטשן, צוצוטוליען צו אים די אויסגייענדיקע טעג.

זי האָט געלעבט די לעצטע יאָרן אין באָברויסק עלנט, אָן אַביסל וואַרעמקייט, אָן אַ שבת, אָן אַ יום־טוב. די גאַנצע משפחה אומגעקומען אין מלחמה און רדיפות און זי, די באָבע האָט צוויי זין אין ישראל, האָבן די זין אַליין שוין אייניקלעך. די אַלטיטשקע האָט זיך אַלץ געריסן און די זון האָבן געקערט וועלטן — און גאָרנישט. געזעץ איז געזעץ — און אויף רחמנות מיט אַן עלנטער יידענע האָט די וועלט קיין צייט נישט.

האָט די באָבע געשריבן האַרצרייסנדיקע בריוו צו מאַלענקאָוון אַליין און צו אַנדערע גרויסע לייט אין ראַטנפאַרבאַנד — האָט מען איר דאָרט אָבער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז נישט גלייך, צו באַלאַמוטשען די פירערס פון סאָציאַ־ליסטישן פאָטערלאַנד מיט דעם קליינעם בידנעם לעבן פון אַ מענטש, וואָס האָט שוין פאַר דער היסטאָריע קיין שום ווערט נישט. זיינען אַוועק יאָרן און פון דער אַלטיטשקער בלייבט אַלץ ווינציקער — און איצט, מיט 78 יאָר, איז זי פּלוצים געהאָלפן געוואָרן. מאַלענקאָוו האָט זיך דערבאַרעמט און אַרויסגעשיקט די באָבע פון באָברויסק קיין דגניה.

האָט זיך דאָס גאַנצע לאַנד דערפרייט מיט דער זקנה. דאַכט זיך, אונדז אַלעמען פעלט דאָ אויס אַ באָבע צו דער משפחה. זי פעלט אונדז, אַזויצוזאָגן, צו דער דערגאַנצונג פון דער לאַנדשאַפט: אַ באָבע פון די באָבעס, מיט קנייטשעלעך אַרום די מילדע אויגן, מיט גוטע פאַרהאָרעוועטע הענט און ווייכע שאַרכנדיקע טריט אין טוכענע לאַטשן, מיט געשעפּטשען „גאָט פון אברהם" שבת פאַרנאַכט און מיט אַ ווייסן וואָלענעם טלית־טיכל אויפן קאָפּ. זאָל זי זיצן, די באָבע, אויף אַ גאַניק אין דגניה צי אין טבריה, אין ירושלים אָדער אין נתניה און וואַרעמען די אַלטע ביינער אין אונדזער זון, נאָך דער לאַנגער, האַרטער קעלט אין דער פרעמד, וואַרעמען די רעשטלעך פון איר לעבן אין דער טומלדיקער האַרציקייט פון ווייס־חברהדיקע סאַברעס אין אַ קיבוץ, וואָס אין תוך בענקען זיי אויך נאָך אַן עכטער באָבע פון דאָרט, אַ באָבע „פון יענער זייט" מיט נוסח, נישט אַזוי ווי די אויפגעקומענע היינטיקע באבעס אין ישראל, וואָס קיינער האָט נישט קיין רעכטן צוטרוי צו זייער זיקנה, זקנות מיט אָנדולירטע גרייז־גרויקייט, מיט כאַקי־הויזן און רעזאָלוציעס, וואָס אָט גיט זיך אַזאַ מין באבע גאָר אַ נעם צום טראַקטאָר אָדער מעלקן קי עלעקטריש — גיי, פאַרלאָז זיך אויף אַזעלכע נאָכגעמאַכטע באבעס.

פלעגן זיי פאַרצייטנס זיך לאָזן אינאיינעם מיט די זיידעס קיין ארץ־ישראל, פלעגן זיך שלעפּן אין בייכיקע בוידן, סקריפּעדיקע, שווערע, אָנגעפּאַקטע מיט יידן און הינער, מיט בהלה און קוישן. איז מען געפאָרן דעמאָלט קיין צפת און קיין חברון, צו ר' שמעון בר יוחאי און צו דער מערת המכפלה און צו מאַמע רחלס קבר, פאַרשווינדלעך דאַרע, ווייסע, שרומפּיקע, מיט קופּקעס, פּאַטשיילעס

און אויסגעקראָכענע ספּאָדיקלעך, איינגעהילט אין שאַלן, כאַלאַטלעך און טענ־דעווערענדעס, דורכגענומען מיט פּחדים פאַרן רבש״ע און להבדיל פאַר ס׳גייעס אונטערוועגס. די בוידן זיינען אָנגעשטאָפּט מיט בעטגעוואַנטן, מיט געטרוקנטע סוכאַרעס, מיט טשאַיניקעס און אָנגעגרייטע תכריכים, שטייפע ווי די בלעכן, מיט קוויטלעך פון גאַנצן שטעטל פאַר ר׳ מאיר בעל הנס קבר, מיט ״מעבור יבוקס״ און פלעשלעך טראָפּנס אויף חלשות און מיט איינגעחזרטע שרעקעדיקע פּסוקים פאַר דער ערשטער באַגעגעניש מיטן מלאך דומה, וואָס אָט גיט ער דיך אַ שטעל־אָפּ אינמיטן וועג און דו ווייסט נישט, ווי דו הייסט אויף לשון־קודש.

אַזוי האָט מען זיך דעמאָלט געלאָזט אין וועג קיין ארץ־ישראל און אין דער היים זיינען דערווייל געבליבן די זין און די איידעמס, געבליבן אין די קראָמען און קלויזן, אויפן יאַריד פון מסחר און מצוות, געבליבן ביי די וועקסלען און פּריצים, געמאַטערט זיך מיט הארבע פאַרדרייטע דין־תורהס אַרום צוגעזאָגטע נדנס פאַר פאַרזעסענע טעכטער. די באָבעס און די זיידעס זיינען געפאָרן קיין ארץ־ישראל און האָבן זיך געלערנט נפטר ווערן אין הייליקן לאַנד.

אָבער די באבע פון באָברויסק איז נישט געפאָרן נפטר ווערן קיין ישראל. זי איז געקומען קיין דגניה מאריך ימים זייַן, צווישן זין און שנירן און אייניקלעך און אוראייניקלעך. זיצט זי און קוקט אויף חידושים, וואָס אירע ״ייִנגלעך״ האָבן דאָ אויפגעטון, זייט זיי זיינען מיט אַ פערציק יאָר צוריק אַוועק פון דער היים, אַוועק מיט גאָרנישט, נישט געוואָלט נעמען גאָרנישט ביים טאַטן, נישט געוואָלט ענדיקן די קורסן, נישט געוואָלט פאָרן צום רייכן פעטער קיין אַמעריקע, נאָר דווקא אַהער, ערגעץ אין מדבר, געהונגערט, געפיבערט און געזונגען לידער — און אָט זיינען זיי אויפגעריכט געוואָרן, געוואָרן שיינע דאָרפישע באַלעבאַטים, אין אַ וועלט פון סאַמע ייִדן, פונאַנדערגעבויט זיך מיט שטיבער און שטאַלן, מיט פעלדער און וויינגערטנער און מיט שיינע ספרים אויף די פּאָליצעס און האַלטן נאָך דערצו בכבוד אַן אַלטע מאַמע...

דאָס איז די באבע פון באָברויסק. איך בין זיכער, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד איז נישט אָרעמער געוואָרן, וואָס ער האָט די אַלטיטשקע אַרויסגעלאָזט פון באָב־רויסק. איך ווייס נישט, מיט וויפל מיר זיינען רייכער געוואָרן, וואָס מיר האָבן זי אין דגניה — אָבער דאָס ביסל מענטשלעכקייט האָט אַוודאי און אַוודאי עפּעס געוווּנען. קאָנען מיר זיך וואַרפן דערמיט? אַזויפיל איבעריקע מענטשלעכקייט האָבן מיר אויף דער וועלט?

# יורדים

דאָס לעבן אין ישראל איז אין שטענדיקער באַוועגונג און „דאָס לאַנד שטייט נישט". עס בייט זיך די באַפעלקערונג, די לאַנדשאַפט און כמעט דער קלימאַט, עס שאַפן זיך נייע פאַרמען און עס רוקן זיך איבער באַגריפן, וואָס האָבן זיך אַמאָל געהאַלטן פאַר „אייביק". האָבן מיר איצט זוכה געווען אין ישראל צו אַ נייעם באַטייט פון דעם אַלטן וואָרט „יורד". יורדים זיינען אַמאָל געווען אַ חשובער קלאַס ביי ייִדן אין שטעטל, באַלד נאָך די גבירים און בעלי־בתים און פאַרשטייט זיך, לאַנג פאַר די בעלי־מלאכות און אָרעמע לייט. יורדים האָבן זיך געהאַלטן פאַר שטיקלעך „פּני" פון דער געזעלשאַפט, געהויבענע געפאַלענע, און די פּרנסה, וואָס זיי האָבן נישט געהאַט, איז געווען בכבוד. זיי פלעגן נאָך זיצן אין רחבותדיקע שטיבער מיט סאַליעס און גאַניקעס און גרויסע גלעזערנע שאַפעס, אויף וועלכע עס האָבן שוין געקלעפּט צעטעלעך פון געריכט. זיי האָבן געהאַט שיינע אידעמס פון אַמאָל, מיט גילדענע פענסנעס און „הצפירה", און ייִנגערע טעכטער „מיט פּיאַנאָ", וואָס האָבן זיך שוין געגרייט „פאַרזיצן". אָבער פאַר לייטן האָט דאָס אַלץ נאָך געהייסן, אַז „מען שטייט אין שידוכים" און אַז מען גיט אַ „שיינע נדבה", כאָטש מ'האָט שוין געהאַלטן ביי נעמען. די קאַפּאָטע איז שוין געווען אַביסל אָפּגעקראָכן, אָבער מען האָט נאָך געבלאָזן פון זיך. דאָס זיינען געווען מענטשן מיט אַ שטעל און אביונים „מיט פאַרגאַנגענהייט" — כאָטש איך האָב געקענט אַמאָל אַ דלפון אין שטעטל, אַ שטיקל בלאָפער, וואָס האָט געוואָלט איינרעדן דער וועלט, אַז ער איז נישט קיין קבצן, נאָר אַ יורד. ער האָט זיך געגרויסט, אַז אין די גוטע צייטן איז ער געווען „מיט לייטן גלייך" און האָט געהאַט דאגות־פּרנסה בריוות. דאָס איז געווען זיין **יחוס**.

אָבער אין ישראל רעדן מיר היינט נישט וועגן עקאָנאָמישע יורדים, וואָס האָבן פאַרלוירן דאָס פאַרמעגן און זיינען אַראָפּ — מיר האָבן צו טון מיט יורדים, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם שכל און דעם חשבון און גייען צוריק אין גלות. זייער צאָל איז אַ נישטיקע און עס איז אפשר נישטאָ, פון וועמען צו רעדן — אָבער

זייער ריח פילט זיך. און בשעת מיר אַלע אין ישראל שטייען פאַרטאָן איבערן קאָפּ מיט אַרבעט און פראָוועז אַלע אינאיינעם איין גרויסן יום־טוב פון שפּאַנונג, האַ־רעוואַניע און פרייד, שליכן זיך אַרויס פון קאַראַהאַד פאַרשווינען מיט אַראָפּגע־לאָזטע קעפּ און גנבענען זיך אַרויס. זיי גנבענען זיך געוויינטלעך לעגאַל, וווהין עס לאָזט זיך נאָר, אַפילו קיין דייטשלאַנד און קיין עסטרייך.

דאָס זיינען די פּיאָנערן פון די אַנטלויפערס און דאָס פאָלקסווערטל האָט שוין געפונען פאַר זיי דעם נאָמען: חלוצים אויף צוריקוועגס. קען זיין, זיי האָבן זיך געגרייט אַנטלויפן, נאָך איידער זיי זיינען געקומען: געוואָרן יורדים, נאָך זייענדיק עולים. פאַראַנען צווישן ייִדן פאַטריאָטן פון וואָגל און אפשר איז פאַר זיי מדינת־ישראל געוואָרן נישט מער ווי אַזאַ סאָרט גלות אונטערוועגס, ביז מען וועט זיך אומקערן צוריק צו סטאַבילער גע־ונדקייט. ווער עס האָט זיך שווער איינגע־אָרדנט, נישט געקאָנט און אפשר גאָר נישט געוואָלט — ווייל אין תוך איז דער גאַנצער ענין געווען אויף דערווייל און עס האָט זיך נישט געלוינט. דאָס לעבן אין ישראל, ווו אַלץ מוז שווער אויסגעאַרבעט ווערן מיט האַנט און האַרץ און ווו קיינער האָט פאַר קיינעם קיין גרינגע גליקן נישט אָנגעגרייט, איז פאַר די יורדים געווען אייגנטלעך אַ מין „הכשרה“ אויף צוריקגיין. זיי האָבן זיך דאָ רויק געגרייט צו באַנייטער אומרו. פאַראַנען צווישן די יורדים אַזעלכע, וואָס זיינען נאָך דעם ייִדישן וועלט־אומגליק פאַרוואַלגערט געוואָרן פון ערגעץ קיין חיפה אָדער תל־אביב און ס׳איז זיי די גאַנצע צייט גאָרנישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז זיי לעבן אין ישראל. זיי רעדן רומעניש און פּויליש, און אונגאַריש, און דייטש און קוויקן זיך נאָך אַלץ מיט דער זיסער מלאיעווקע פון דעם ווינער וואַלצער־טאַנדייט און מיט די געשמאַקע וויצן פון דער טאַבאַרשטראַסע און קור־פירסטענדאַם וועגן „פּאַלעסטינע“, ווו יעדער ייִד וויל זיין אַ „פּרעזידענט“.

דאָס זיינען די „חכמים“ — און וואָס זאָל מען זיך נאַרן: פאַראַנען ייִדן, וואָס האָבן אַ מין מיסטישע גלוסטונג צום דערנידעריקט ווערן. איך קען פּלייצעס ייִדישע, וואָס ברעכן זיך ממש, ווען עס ליגט אויף זיי נישט קיין וואַנדער־פּעקל: פּשוט, נישט געוווינט. זיי זענען געוווינט צו קרימען זיך — פּונקט ווי איך קען פּנימער, אַזויצוזאָגן ייִדישע, וואָס נודיען זיך פּשוט, ווייל ס׳איז נישטאָ, ווער עס זאָל זיי פּאַטשן אין ישראל: אומעטיק. אין משך פון דורות האָט מען זיך אַרויפגע־אַרבעט אויף דער שטעלונג פון פאַרשיווע הויף־ייִד, מיט כבוד און דיווידענדן, אין ווין און אין בוקאַרעשט, אין פּראָג און אין זאַגרעב — ווייל מען אַזאַ פּריווי־לעגיע נישט אָנווערן: נישט מער ווי „מענטשלעך“. ווי קאָן אַזאַ איינער אָפּגעבן כבוד אַ רעזשים, וואָס גיט אים אָפּ כבוד, און ווי קען ער בכלל האָבן צוטרוי צו אַ לאַנד, ווו ער האָט פולע רעכט פון אַ בירגער! דאָס צעדרייט אינגאַנצן די גע־ווינטע אָרדענונג. אַ חברה קאָרטנשפּילערס האָט זיך אַמאָל צעקריגט אינמיטן

דער מלאכה און געזידלט זיך איינער דעם אַנדערן, לויט אַלע כּללים. פּלוצים שפּרינגט אויף איינער פון דער חבֿרה און דערלאַנגט זיין חבֿר: „דו אַזוינער און אַזוינער, ווער ביסטו דאָ און ווער קאָנסטו בכלל זיין, אַז דו שפּילסט אין קאָרטן מיט אַ מענטש, וואָס שפּילט מיט דיר אין קאָרטן...“

איינעם קען איך, וואָס בעת דער וועלט־מלחמה, ווען פּריצישע פּאָליאַקן האָבן אָפּגעריכט פּאָליטישן גלות אין ארץ־ישׂראל, האָט ער זיך געדרייט צווישן די שליאַכטעס און געקאָרטשעט זיך מיט הכנעה פאַר יעדן „וויעלמאָזשנע“ נע־ונדנדיק, ווייל ער האָט זיך געוואָלט זיכערן באַצייטנס פאַר דער צוקונפט די מאָנאָפּאָל־שטעלונג פון אַ פּריווילעגירטער „זשידאָווסקאָ מאָרדאַ“ אין באַנייטן פּוילן. דער ייִד האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלן זיך שפּעטער יאָווען צופיל בעלנים אויף דעם ערן־טיטול. ער האָט זיך ספּעציעל געלאָזט וואַקסן אַ נאַריש פּנים, געכאָוועט אַ בייזן הונט, פאַר וועלכן ער פלעגט אַנטלויפן, און מיט דער גאַנצער גמראדיקער חריפות, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין זיידן, דעם שטעטל־דיקן מרא־דאתרא, האָט ער געקרעמפּעוועט זיין קאָפּ, נישט צו פאַרשטיין קיין ייִדישע חכמה, כּדי מען זאָל אים האַלטן פאַר אַ גוי. דער ייִד האָט נעבעך זיינס געטון, געגרייט זיך מיטן גאַנצן האַרצן צו פּוילנס באַנייונג — און אָט איז די באַנייונג געקומען, אָבער די קאַריערע פון „זשידאָווסקי מאָרדעס“ איז עפּעס דאָרט אַוועק אויף גאָר אַנדערע רעלסן. איז דער פּאַטריאָט געבליבן אין גלות ישׂראל: אַ נישט־דערגאַנגענער יורד.

אַ בעסערע קאָניונקטור האָבן די יורדים, וואָס גייען „אַהיים“ קיין עסטרייך און דייטשלאַנד. איך בין אַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ קליין קאַפעהייזל אין צפון פון תּל־אָבֿיבֿ. דאָרט האַלטן די „הערן איזראַעליטן“ פון עסטרייך אַזאַ סאָרט קלוב און פּריוואַטן קאַבאַרעט, ווו זיי פאַרברענגען לאַנגע אָוונטן ביי אַ „האַלבער שוועדישער פּלאַטע“, שיטערער קאַווע און געשלוקערצטע טיראָלער „יאָדל“־לידער. זיי זאָגן איינער דעם אַנדערן „הער דירעקטאָר“ און „קייזערלעכער ראַט“ און זיי האַלטן אין איין „קושן די האַנט דער גנעדיקער פראַו“. איר געפינט דאָרט אַ סך אויסגערופענע „שוברט־זינגערס“ און „פּראָפעסאָרן“ פון עפּעס. דער רוב באַ־שטייט פון געוועזענע וווּנדערקינדער, וואָס אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן זיי „געהאַט אַ צוקונפט“ און איצט האָבן זיי נעבעך יעדער אַן אָפּגעקראַכענעם פּראַק, אַ ליסינע, אַן אולקוס, אַ שווערן וויבערישן גוידער. זיי לעבן אַלע יאָרן אין ישׂראל ווי פרעמדע, וואָס זיינען דאָ „אַריינגעפאַלן“. זיי האַלטן זיך מן הצד, פייערן „ווייַנאַכטן“, שפּילן „טאַראָק“ און רעדן „ווינעריש“ און טראָגן פעדערן אין גרינע יעגער־היטעלעך. זיי זיינען איינגעאָרדנט „אויף דערוויייל“ ווי הויזי־רערס, וועשערס, קעלנערס און עפנטלעכע „גריסערס“. מאַכט עמעצער אויף אַ נייעם האָטעל, קאַפע, פּענסיאָנאַט — דינגט מען אַ „ווינער“, וואָס פאַרמאָגט אַ

פראַק מיט שמייכל, און יענער גריסט חנעוודיק. דאָס איז געווען אַ גוטע פּרנסה אין אַלטן עסטרייך, וואָס פלעגט עקספּאָרטירן „גריסערס" קיין אויסלאַנד, און אויך אין ישראל ווערן די „הערן איזראַעליטן" מיט דער דאָזיקער פּראָפעסיע נישט פאַרפאַלן.

דער דאָזיקער קרייז גיט אַרויס אַ היפּשן קאָנטינגענט בכבודיקע אַנטלויפערס. אָט איז דער „האָפראַט". ער האָט אַן אידעלן הויקער און אַ „קייזער־באָרד" פון פראַנץ־יאָזעפס צייטן. ער איז געבוירן געוואָרן אין טאַרנאָפּאָל און האָט געלעבט אין ווין און האָט זיך דאָרט אַרויפגעאַרבעט צום טיטול „עצות־געבער". ער האָט געגעבן עצות אָן אַן אַדרעס, צי מ׳דאַרף, צי מ׳דאַרף נישט. אין ישראל, ווו מענטשן האָבן אייגענע חכמה, האָט ער פאַרביטן די עצות אויף תרעומות. ער איז אַ מין הויפּט־אינסטרוקטאָר פון די יורדים, צעטיילט קאָנסולאַרישע פאָרמולאַרן און אַנטפּלעקט אַלעמאָל נייע „לענדער" און מאַכט דערביי זיינע אויסגעפּרוּווטע וויצן וועגן דער יידישער אַרמיי, ווו יעדער סאָלדאַט וויל זיין אַ גענעראַל: „צום לאַכן, מיינע הערן...". ער האָט פאַרפאַסט אַ פּינקטלעכע רשימה פון אַלץ, וואָס „פעלט אין ישראל" — און ער איז אויף דעם געביט אַן אויטאָריטעט: „אַז דאָ איז בכלל נישט פאַראַנען" — דאָס איז זיין שטענדיקער פּזמון.

און אָט איז מיצי, דאָס „וווּנדערקינד": מאַנסבילישע וואָנסע מיט „זכרונות". זי האָט אָפּגעראַטעוועט פון דער וועלט־שרפה אַ ראָמאַנטיש צעטעלע, וואָס זי האָט אַמאָל אין דער היים, ביים טאַטן, דעם טעמפּל־שמש, געהאַט באַקומען פון דעם דיכטער פּעטער אַלטנבערג. דעמאָלט, ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט זי זיך געשניטן אויף דער קאַריערע פון דער „זיסער מיצי" — איצט איז זי טעטיק אַלס „מכשפה" אין ישראל. דערצו נוצט זי גרינע אויגן מיט סלינע פון שנאה. זי רייסט זיך אַריין יעדע פּאָר וואָכן אין די ביוראָס פון דער יידישער אַגענץ, שילט מיט אַ הייזעריק קול „די יודן" און שלעפּט אַרויס אַלעמאָל פונסניי עטלעכע צענדליק פונט פאַר דער „קונסט". איצט האָט זי זיך פאַרבענקט צום ווינער וואַלד, צום פּראַטער, צום קלויסטער פון הייליקן סטעפאַן — זי פאָרט צוריק.

צוריק פאָרט אויך איינער, וואָס איז דווקא געווען אַמאָל אין בוקאַרעשט אַ „מאַקסימאַליסטישער גרויס־ציוניסט מיט ביידע זייטן ירדן", אַלץ אָן פּשרות — און טאַקע צוליב זיין הויך־ציוניסטישער אַנטוישונג אַנטלויפט ער צוריק קיין בוקאַרעשט: דעזערציאָניסט. דיווירקלעכקייט פון ישראל איז אַ „באַליידיקונג פאַר זיינע אידעאַלן": נישט אַזוי האָט ער זיך דאָס אַלץ פאַרגעשטעלט. ער האָט זיך די גאַנצע צייט אין ישראל קיין אָרט נישט געפונען, כאָטש ער האָט אין די עטלעכע יאָרן פון אָפּריכטן היימלאַנד נישט ווינציק אויפגעטון. קוים האָט ער אין

דער באַפרייונג־מלחמה באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון דער הגנה, האָט ער זיך באַלד אַרויסגעגליטשט אויך פון געריכט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די פאַרברעכנס פון שוואַרצן מאַרק. ער שטאַמט פון אַ שיינער משפחה און האָט אין זיין גאַנצן לעבן קיינמאָל נישט געאַרבעט. די איינציקע אָנשטרענגונג, וואָס ער האָט אַמאָל יאָ געמאַכט: ער איז געבוירן געוואָרן. אין ישראל אָבער פאָדערט זיך מער. דאָ מוז יעדער אַרבעטן — מילא, האָט ער שוין אויך גענומען „אַרבעטן": געקויפט און פאַרקויפט און פאַרדינט, נישט פאַרקויפט און פאַרדינט נאָך מער. ער האָט אָבער אַלעמאָל עפעס ווי פאַרדינט מיט רוגזה, נתעשר געוואָרן בעל כרחו: נישט פאַר אים און נישט זיינע „אידעאַלן". פאָרט ער איצט צוריק קיין בוקאַרעשט: ער'ט זען, און אפשר האָט ער נאָך נישט אינגאַנצן אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז עס וועט פאָרט אַמאָל קומען די צייט פון דעם „גרויסן ציוניזם, דעם ריינעם", ווי ער פאַרשטייט „ציוניסטישן מאַקסימאַליזם" — וויל ער דאָס אַלץ איבער־וואַרטן אין בוקאַרעשט.

דאָס זיינען די יורדים. געזוכט לייכטע גליקן אין ישראל — איצט זוכן זיי די אייגענע גליקן אין אַנדערע לענדער. קען איך יורדים מיט אַ הויכן רעקאָרד פון ירידה: זיי זיינען שוין געווען דאָ און אַוועק און שוין באַוויזן צוריקצוקומען אויך — און, זייער קאַריערע איז נאָך נישט געענדיקט; זיי האָבן אַ גרויסן כוח אין ייִדישער נע־ונדקייט און אין דער הימלאָזיקייט זענען זיי ווי אין דער היים.

# סוכות און פּאַלאַצן

סוכות אין ירושלים: יום־טובדיקער רעש אין די גאַסן, ייִדן אין די שולן, פון די שולן, ייִדן מיט שווערע שטריימלעך, שווערע בערד, שווערע אַטלעסענע קאַפּאָטעס מיט גאַרטלען, שווערע זילבערנע אתרוג־פּושקעס, שווערע משא יום־טובדיקע שמחה — מען דאַרף טאַקע נאָר האָבן די כוחות פון אַ ייִד, כדי אויסצוטראָגן אַזויפיל יום־טובדיקע שווערקייט.

געדענק איך, ווי דער זיידע אַמאָל אין שטעטל פלעגט מוצאי יום כיפור אַריינקלאַפּן דאָס ערשטע דרענגל אין דער סוכה. ער איז געשטאַנען אין קילן אָוונטלעכן הויף באַלד נאָכן אויפפאַסטן און נאָך דעם שווערן משפט מיט כביכול. דער טערקישער טלית־קטן זילבערט מאַט אין דער גרינלעכער לבנה און דער זיידע זעגט און האַקט און ראַנגלט זיך מיט אַ סענקעוואַטע סלופּ און מיט מיכאַלקע דעם גוי, וואָס האָט געבראַכט סכך פון וואַלד. שטייט דער גוי אין לאַפּטשעס, מיט שטרויענע וואָנצעס, און דער זיידע, צעשטראַלט פון יום־כיפורדיקער נאָענטקייט מיט כביכול, דינגט זיך מיט דעם ערל אויף ווייכן בית־מדרשדיקן גוייִש.

יום־טוב ביינאַכט בלישטשען לויכטנדיקע סוכהלעך אויף דעכער און באַלקאָנען, אין הויפן און גערטנער, מאַכן העל און פריילעך די שטאָט. פאַרביי די שווערע ימים־נוראים און איצט הייבן זיך אָן אַרויסלאָזן איבערן לאַנד קילע ווינטלעך, וואָס פּרווון זיך בלאָזן. זיי לערנען זיך ערשט — אָבער זיי וועלן קאָנען. ציטערן מיט יום־טובדיקער פרייד די לופטיקע, קרומלעכע בנינים פון ברעטלעך, דיוואַנעס און סכך, שטיבלעך שפּיציקע, וואָס שפּארן זיך אָן אין בלויען אָוונט, שפּילעכלעך פאַר אַלטע ייִדישע קינדער, געמאַכט פון חומשדיקע פּסוקים און גאָלדענע שטערן פון אויבן. און אפשר זענען דאָס די סאָלידע שוועבנדיקע פעסטונגען, וואָס הענגען אין דער לופט ווי אוראַלטע אַלעגאָריעס פון אונדזער ייִדישן וואַנדער־לעבן. אויף קיין פּלאַץ אָבער אויף דער וועלט איז ניט אַנגעגרייט פאַר דער ייִדישער סוכה, סוכת דוד הנופלת, אַזאַ לעגיטימער הינטערגרונט ווי אין ירושלים, דער שטאָט פון דוד המלך.

## מ. גראָס־ציממערמאַן

שטייט אויף איינעם אַ דאַך, אין אַ שטיל געסל אין ירושלים, אַ סוכהלע, אלכסונדיק, מיט אַ פאַרהויבענעם ווערדיק סכך, וואָס גרינט ארויף צו דער אונטערלעכער בלויקייט, גרינט שטום. קוקן אַריין דורך די העלע שפּאַרעס פון די צודרענגלטע ווענטלעך טונקעלע שאָטנס פון יאַרטויזנטער, מחנות שאָטנס, אָנגעזאַמלטע אין די אָונטלעכע בערג פון אַרום, בערג פון תנ״ך, וואָס האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון אונדזער לאַנדשאַפט, וועלכע זענען אָבער איצט פאַרפרעמדט און הינטער וועלכע עס טשאַטעווען שונאים אין די נעכט. העגנט דאָס סוכהלע, אַ גרין־גילדערנער לאַמטערן, צווישן הימל און נאַכט, העגנט און חידושט זיך.

***

ווי ערגעץ אויף דער וועלט אַ וואַקלדיקער בנין, אַ חלוש, אַ פּאָר ציטערדיקע ווענטלעך און אַ סך ווינט, איז ער באַלד אַ משל צום ייִדישן גורל אויף דער וועלט. נאָך אַלץ זוכט ער אַ פּאַסיקע גלייכעניש צו זיך און קאָן נישט געפינען. אין שטילע, אידילישע צייטן, ווען דאָס ייִדישע וועלט־אומגליק איז נאָך געווען גאַנץ באַשיידן און האָט געהאַלטן ערשט ביים סאַמע אָנהייב, האָט די סוכה געקאָנט דינען ווי אַן אָפיציעלער סימבאָל פון ייִדישן וועלט־גורל.

די סוכה איז געווען די ערשטע קינדער־שטוב פון פאָלק, ווען מיר האָבן נאָך געלעבט אונטערן פרייען הימל. דעמאָלט זענען די אבות נאָך געווען אומזיכערע אָנפאַנגערס אין זייערע פאַרפלאָנטערטע עסקים מיט כביכול. און אפשר האָבן זיי זיך נאָך געשפּילט, ווייס־חברהדיקע זיידעס, מיט גרודעס תוהו ובוהו, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט צווישן די רושטאָוואַניעס פון דער נישט־פאַרענדיקטער וועלט. זיי האָבן געפּאַשעט שאָף און געגראָבן ברונעמער, געקריגט זיך מיט לוטס שקצים און געראַנגלט זיך מיט די מלאכים פון שכנותדיקן הימל.

די וועלט איז נאָך געווען אַ „גרינע״, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און גאָרנישט איז געווען אָנגעגרייט אין יענע ערשטע טעג אַחוץ נאַקעטער מדבר און הונגער און גאָטס וואָרט, וואָס בלאָנדזשעט אין ליידיקן חלל. זיצן די אבות אין סוכות און געצעלטן, אין וועלכע עס ווייגט אַריין דער גאַנצער בראשית. פּלוצים האָבן זיי דורך דעם אָפענעם דאַך צום ערשטן מאָל דערזען דעם הימל איבער די קעפּ און דערהערט דעם קול פון אויבן. דאָס איז געווען דער אָנהייב. די גאַנצע וועלט איז געווען איין אומענדלעכער צווישן־הימל־און־ערד, ווו עס האָבן זיך פאַמעלעך אָנגעהויבן זאַמלען ערשטע ברידער, ערשטע שבטים פון ישראל, צווישן מלאכים פון הימל, וואָס האָבן אָנגעזאַמלט אַן ענגשאַפט אויף דער ערד. האָט געקלעמט די אַרומיקע ליידיקייט און די פרייד איז אינגאַנצן נאָך נישט באַשאַפן געוואָרן — זי איז געקומען ערשט נאָך דעם צער. האָבן זיך די ערשטע אומצופרידענע,

לעגיטימע אבות פון די יורדים, אָנגעכאַפּט אין דעם לויזן פּסוק „ווילד״, זענען אַנטלאָפן פון די סוכות און געצעלטן און האָבן איבערגעלאָזט דעם מדבר אויף הפקר.

היינט קומען צוריק צום מדבר פאַרלוירענע ברידער, און זיי בויען זייער לעבן דאָרט, ווו די אבות האָבן, מיט ווינציק ישוב־הדעת, צו גיך איבערגעריסן. ווידער שטעלט מען אויף כאַפּעדיקע שטיבלעך, סוכות און באַראַקן — אָבער די סוכהלעך, וואָס וואַקסן אויס איבער נאַכט אויף אונדזערע פעלדער, אין אימפּראָ־וויזירטע דערפער און הינטער די נייע שטעט, האָבן אין זיך דעם כוח צו ווערן היינט אָדער מאָרגן סאָלידע בנינים, בשעת געוויסע ייִדישע פּאַלאַצן אין דער פרעמד ציטערן אַמאָל אונטער פון אומזיכערקייט. דאָס איז די לאָגיק פון דער ייִדישער אַנטוויקלונג. איך קען ייִדישע פּאַלאַצן און לוקסוס־ווילעס אין טייל לענדער פון דער וועלט, איינגעאָרדנט מיט די לעצטע שיקאַנעס פון קאָנפאָרט, וואָס פאַרמאָגן אָבער נישט די עלעמענטאַרע זיכערונג קעגן שרעק. בייגן זיך אין די פּאַלאַצן נעענטער איינער צום אַנדערן, שושקען זיך פאַרקלעמטע אין די נעכט, גלייך זיי וואָלטן אַלע אינאיינעם געהאַלטן ביי לאָזן זיך אין וועג אַריין.

און איך באַגעגן אָפּט אין ישראל ייִנגלעך אין סוכהלעך און באַראַקן, וואָס פריִער אין חוץ־לארץ פלעג איך זיי זען אין די רייכע שטיבער פון זייערע טאַטעס: ליידיקייט, אָנגעשטאָפּט מיט מעבל. האָבן זיי זיך געפילט אומעטיק אין טאַטנס פּאַלאַץ: אויסטערלישער פּאַלאַץ, וואָס איז אַזוי געבויט, אַז ער צענעמט זיך אַליין, לייגט זיך צונויף און „גייט״. אַזעלכע פּאַלאַצן שמעקן מיט נע־ונדקייט.

אַוודאי בין איך ווייט פון פּאַניק־מאַכעריי און פון כאַפּן אַוואַנסן אויף פאַר־צווייפלונג האַלט איך אינגאַנצן נישט: וואָס דאַרף מען „כאַפּן״? און וואָס איז די חכמה פון אָנגרייטן יאוש אין קאָנסערוון! די וועלט איז אַ צעשרויפטע און זי לייגט אַריין אַ סך כוחות אין פאַרפונדעווען איר אייגענע צעשראָקענע אומזי־כערקייט. זענען מיר ייִדן אויף דעם געביט אין גוטער געזעלשאַפט און „געניסן״ אונדזער חלק פון דעם אַלגעמיינעם כאַאָס. אָבער מיר האָבן אין ישראל אויך דאגות „תוצרת הארץ״, אין וועלכע קיין לאַנד און קיין פאָלק קאָנען מיט אונדז נישט קאָנקורירן. מיר זענען מיט ביידן נאָך אַלץ נישט פאַרטיק. דאָס לאַנד איז אין זיין גרעסטן טייל ליידיק און דער גרעסטער טייל ייִדן, וואָס וואָלטן באַדאַרפט און געקאָנט זיין מיט אונדז אינאיינעם, זענען נאָך אינדרויסן. זיי לעבן דאָרט אויף אַלע מדרגות פון גוט און שלעכט, מיט אַלע ניואַנסן פון גליק און פּחד פאַרן מאָרגן.

איך ווייס איין זאַך: דאָס לאַנד וואַרט אויף די ייִדן און איך האָב דערביי אין זינען נישט בלויז די אינטערעסן פון לאַנד אַליין, וואָס נייטיקט זיך אין אַ צושטראָם פון נייער ייִדישער לעבנס־ענערגיע. מיר אַלע אין ישראל פילן מיט

דער גאַנצער טיפקייט פון אָנגעזאַמלטער גורל־דערפאַרונג, אַז פריִער אָדער שפּעטער וועלן זיך טיילן פון די מיליאָנען ייִדן אין מזרח און אין מערב אַ ריס־טון פון די ערטער, מיט דער אומרו, וואָס ליגט אין היינטיקן לעבן, און זיך לאָזן אין וועג אַריין.

וואָלטן מיר אַלע וועלן, עס זאָל זיין פריִער און אָנקומען לייכטער. אַוודאי לעבן נאָך געננוג ייִדן אין ישראל אין ווינטיקע איבערגאַנג־דירות — אָבער די מעברות אין די בערג פון ירושלים און אין גליל זענען די ערשטע אור־פּאַרם פון סאָלידער ייִדישער באַלעבאַטישקייט אין ישראל. פון די אַכטהונדערט טויזנט ייִדן, וואָס זענען געקומען נאָך דער גרינדונג פון דער מלוכה, זענען העכער אַכציק פּראָצענט שוין איינגעאָרדנט. איך זע די ייִדן פאַר די אויגן. דאָס איז געווען אַ מאַסן־עליה כמעט פון איין שניט: אָרעם ביז גאָר — מיט ווינציק אויסנאַמען.

איך זע אין ירושלים און אין תל־אביב, אין רמת־גן און פּתח־תקוה, אין חיפה און נתניה פרישע גאַסן מיט פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אויפגעשטעלט פון נייע עולים, וואָס זענען נעכטן געווען קליינע מענטשעלעך. דאָס זענען די רעשט־לעך פון יענע ייִדן, וואָס האָבן אַמאָל, פאַרן מבול, רייך און גרויס געמאַכט פרעמדע לענדער. זענען זיי געקומען שפּעט, אויסגעמאַטערטע, אויסגערויבטע, האָבן דאָ אָנגעהויבן פון סאַמע אָנהייב און זענען דערגאַנגען אין זייער פאָטער־לאַנד צו ברויט און פרייהייט און כבוד. ביסלעכווייז גייט אויף דאָס נייע לעבן און עס הייבט זיך אויף דער בנין אין שטאָט און אין דאָרף. אין סוכהלעך און געצעלטן האָבן מיר אַמאָל אָנגעהויבן אונדזער בונטע, טראַגישע וועלט־קאַריערע. מיר האָבן זיך אין דער נע־ונדקייט טיילמאָל אָפּגעשטעלט אונטערוועגס אויך אין פּאַלאַצן און פאַנטאַסטישע לופט־שלעסער און געדינט פאַרפירערישע עבודה־זרהס אויף אַלע מזבחות. און איצט, אומקערנדיק זיך אַהיים און שטייענדיק אויף דער אייגענער ערד, מוז מען אַמאָל איבערוווינטערן אין אַ מעברה. אָבער פון סוכת דוד הנופלת וואַקסט און פעסטיקט זיך די היים אין ישראל.

# טויער צו דער וועלט

דאָס איז חיפה. די שטאָט האָט אָפּט היפּשע גערעטעניש פון גרויסע און קליינע שיפן, מיט פרעמדע פּענער און מיט היימישע, וואָס ברענגען קיין ישראל ייִדן פון אַלערליי לענדער, עולים און טוריסטן, פון אַמעריקע, אייראָפּע און עקזאָטישע לענדער, אַחוץ נישט־ייִדישע נייגעריקע וועלט־וואָגלערס און עקספּערטן מיט „עצות“. דער פּאָרט איז פול מיט דעם סטאַנדאַרד־טומל פון אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָרטן — דערצו איז ער נאָך ספּעציעל געפּאַקט מיט ייִדישער צערודערטקייט. שטייען ייִדן פאַרצאַפּלטע און קוקן זיך אויס די אויגן נאָך די קרובים און פריינט, וואָס זיי וואַרטן אָפּ, רופן־אַרויף צום שיף מיט טרערן־פאַרשטיקטע קולות, וואַרפן בלומען און צעטעלעך און טעוועלעך שאָקאָלאַד, הענגען מיט פאַרבענקטע הערצער אין די צעהודיעטע גורלדיקע טרעפּלעך, וואָס פירן אַראָפּ פון שיף.

קרעכצן שווערע זשאַווערדיקע קראַנען, וואָס טראָגן אַרויף און אַראָפּ קאַסטנס, פעסער און זעק, מאַראַנצן, געהילץ, מאַשינען, ווייך און שטאָפן, תבואות, צעמענט, אייזן, סחורות געקומענע פון ערגעץ אָדער אַוועקגייענדיקע אין דער ווייטער וועלט. שטופּן זיך אין דער ענגשאַפט מאַטראָסן מיט ווייסע קיילעכדיקע שקאַרמיצלעך אויף די קעפּ, צווישן זיי שווערע אָפּגעהאַרטעווטע ים־וועלף, היימיש אין אַלע קאָנטינענטן, און ווידער שמאָלע ברוינע ייִנגלעך, נאָר־וואָס אַרויס אין דער וועלט. זיי דרייען זיך אין פּאָרט מיט קלעצערדיקע פיס, וואָס טרעטן אומזיכער און דאַרפן זיך ערשט צוגעוויינען צו דער יבשה נאָך אַ לעבן אויף צעהוידעטע כוואַליעס. די בחורים, געוועזענע קיבוצניקעס, סטודענטן, אַרבעטער, נעכטן נאָך קנאַפּע מחותנים מיטן ים, זענען שוין היינט געניט אין אַלע זייַנע סודות און קאַפּריזן. אין קליינע קאַפעען און שענקלעך גרילצן גראַגערדיקע גראַמאַפאָנען, ווי אין אַלע טרינק־שטיבלעך פון דער וועלט — דער חילוק איז נאָר, וואָס אין חיפה קומט מען אויס אָן שיכורים. מען האָט געפּרוווט און עס גייט.

דאָס איז חיפה. מיר קאָנען קיינמאָל נישט אויסשעפּן דעם שטראַלנדיקן גלאַנץ

פון ירושלים און מיר הערן נישט אויף דערציילן וועגן דער ברויזנדיקער דינאַ־מיק פון תל־אביב, דער גרעסטער שטאָט אין ישראל — חיפה איז, לויט איר גרויס, די דריטע שטאָט אין לאַנד. דערצו האָט איר טעאָדאָר הערצל אַ נאָמען געגעבן: שטאָט פון דער צוקונפט. אַזאַ נאָמען פאַרפליכטעט אַפילו ביי אונדז אין ישראל, ווו אַלץ שמעקט מיט צוקונפט, ווו אַפילו די ווייטע פאַרגאַנגענהייט, פאַרהייליקט פון דורות, מוז זיך אויך מטריח זיין, צורוקן זיך נעענטער צום היינט און צום אויפגייענדיקן מאָרגן. מיר זענען אַן אָרעם פאָלק, וואָס קאָן זיך נישט פאַרגינען, צו האַלטן פאַרשפאַרט אין דער היסטאָריע אַזאַ גלאַנצפולן עבר, אַזוי־צו־זאָגן „אויף יום־טוב״, לאָזן אים פראָווען גדלות אין מוזיי. וואָס וועט ער זיך דאָרט אָפּנודיען איינער אַליין אין דער קאַלטער פאַרשטיינערטקייט?

דאָ איז טויער צו דער וועלט און טויער צו ישראל: הייסער אָטעם פון נייער לעבעדיקער היסטאָריע, געדראַנג פון כוחות, וואָס שטרעקן זיך, וואַקסן, פאַרפולן דאָס לאַנד מיט אימפּעט און ברען, מיט אויפטוערישקייט און אוראַלטער לעבנס־עקשנות — טאָ קומט נאָענטער, ווייטע פאַרזונקענע יאָרטויזנטער, נאָך נאָענטער! און אויב טאַקע יאָ „שמעלצקעסל״, מיינט דאָס איבערקאָכן ייִדישן צייט און רוים אינאיינעם, נישט בלויז ייִדן פון אַלע לענדער, נאָר אויך ייִדן פון אַלע דורות — און טאַקע איר אויך, פאַרצייטיקע נביאים און חכמים, אַמאָליקע לערערס פון פאָלק, לויכטנדיקע פאַקלען פון דער מענטשהייט! קומט און לייכט נאָך אַמאָל! ווייזט אַ וועג! ס'איז אַלץ נאָך טונקל אויף דער וועלט.

אָבער דאָס נאָר פאַרבייגייענדיק, רעדנדיק וועגן דער שטאָט פון צוקונפט. אגב, האָט די שטאָט יונגיטשקערהייט אויף זיך שוין אַ קאַרגע זיבעצן הונדערט יאָר, נישט צו פאַרזינדיקן. די שטאָט, זאָגט מען, ציט איר יחוס פון איינעם ר׳ חלפתא, וואָס ווערט דערמאָנט ערגעץ אין דער גמרא. האָט אָבער דער דאָזיקער תנא — ווייזט אויס, אַ טרוקענער ייִד — נישט אָנגעגרייט קיין לעגענדעס. מיין באַגלייטער, וואָס פירט מיך אַרום איבער דער שטאָט, פילט זיך אַביסל שולדיק. קומט אַ גאַסט, דאַרף מען אים מכבד זיין מיט היסטאָרישע קברים, חורבות, היילן: לעבעדיקע זאַכן! מיר האָבן זיך דאָך אויסגעאָרבעט אין טויזנטער יאָרן גלות אַן אָריגינעלן בוי־סטיל פאַר מפולתן, רויִנעס מיט סאָלידע פונדאַמענטן. היינט, קברים! ווו איז נאָך פאַראַן אויף דער וועלט אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַזעלכע ווירטואָזע שטאַרב־מייסטערס ווי מיר ייִדן! געווען פעלקער, וואָס האָבן געקאָנט גוט מאָרדן — מיר ייִדן אָבער האָבן זיך אויסגעלערנט שיין נפטר ווערן, מיט אַ בליק אויף עולם־הבא, מיסטישע „לאַנדשאַפט״ — ווו זשע נעמט מען דאָס אַלץ אין חיפה?

האָט טאַקע אין דעם פונקט ר׳ חלפתא אַביסל אַנטוישט — און ווען נישט אליהו־הנביא, וואָלט מען דאָ ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַ שטיקל לעגענדע. איז

אָבער דער קעמפּערישער אליהו פון תנ״ך געוואָלט דערצו אויך אַ היימישער פאָלקס־נביא, אַן איינגייער אין ייִדישע הייזער, וואָס האָט זיך געחבֿרט דווקא מיט „עמך״. ער איז געווען אַ שטענדיקער אורח ביי ייִדן צום סדר און אויף חסידישע מלווה־מלכּה׳ס — האָט ער זיך געהאַט איינגעאָרדנט אויפֿן כּרמל זיין אייגנס אַ הייל, מערת אליהו, ווו ער האָט געהאַלטן מלחמה מיט די געצנדינער. איז טאַקע נאָר צוליב אים דער כּרמל אויפֿגעריכט געוואָרן. פאָלקס־מעשׂיות האָבן אַ טבֿע: קוים מאַכט מען מיט זיי דעם ערשטן אָנהייב, גייט דאָס שוין און גייט — מ׳וועט זשאַ־לעווען? ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען כּבֿיכול האָט באַדאַרפֿט געבן די תּורה, און האָט געזוכט אַ פּאַסיקן באַרג, האָט געטענהט דער כּרמל, אַז דווקא אים און נישט דעם באַרג סיני קומט דער כּבֿוד. וואָרום אַז ייִדן האָבן באַדאַרפֿט אַרויסגיין פון מצרים, האָט דער כּרמל, זאָגט ער, נישט געטראַכט קיין סך און אַריינגעוואָרפֿן זיך גאַנצערהייט אין ים און אים געשפּאָלטן, כּדי ייִדן זאָלן אויף זיינע פּלייצעס אַריבער דאָס וואַסער אין דער טריקעניש. איז ער דאָך אפֿשר גערעכט? האָט אים אָבער כּבֿיכול געפּסלט, פּשוט צוליב זיין הויכקייט: פיינט גדלות! און אויסגעקליבן האָט ער דעם באַרג סיני, אַ בערגל אַן עניו, וואָס גרויסט זיך נישט.

איז ביי זיך, הייסט עס, דער כּרמל געפֿאַלן? טענהן חכמים: ניין! כּרמל מיינט: „כּרם־אל״ — גאָטס וויינגאָרטן — און דאָס לייגט זיך בפּירוש אויפֿן שׂכל. שפּרייט זיך די שטאָט אַ פיר־גאָרנדיקע: טיף אונטן נאָפט־ראַפֿינעריעס, שטאָל, צעמענט, אייזן און טעקסטיל און כעמישע פּראָדוקטן און אַן אָפֿענער טויער צו די ברויט־פעלדער פון עמק. אַ שטאָק העכער איז דער פּאָרט און באַלד די ברייטע רעשיקע מלכים־גאַס מיט שיף־אַגענטורן און טראַנספּאָרט־געזעלשאַפֿטן, בענק און לאַגער־הייזער און אינטערנאַציאָנאַלע עקספּאָרט־אימפּאָרט־געזעלשאַפֿטן. נאָך העכער איז דער הדר הכּרמל: „פּראַכט פון כּרמל״, מאָדערנע דירות און ביוראָס, האַנדל און מלאָכה און לאַבאָראַטאָריעס, מיטן טעכניקום אין צענטער. גאַנץ אויבן איז דער הר הכּרמל, דער כּרמל־באַרג אַליין: רוישיקע וועלדער און בערג־קייטן, ווו מען זעט די פאַרשנייטע שפּיצן פון חרמון און לבֿנון, וואָס האָבן באַשיינט שלמה המלכס שיר השירים — און אין האַלבקרייז אַרום ברייליאַנטעוועט מיט אַלע גלימצער־ניואַנסן פון בלוי דער מיטללענדישער ים.

פֿאַרגעס איך אַ רגע מיינע טענות צו ר׳ חלפֿתּא: מילא, אַ לעגענדע ווייניקער — אָבער שיינקייט האָט ער דאָ אָנגעגרייט גאַנצע אוצרות. איך קען לענדער אויף דער וועלט, וואָס מאַכן אַ לעבן פון זייער געאָגראַפֿישער לאַווע: זיי „ליגן״ און ווערן נתעשר. אין דעם זין שניידט זיך חיפֿה אויף אַ גרויסער קאַריערע: אַ שטאָט פון דער צוקונפֿט, וואָס הייבט זיך אָן שוין היינט — וואָס וועט מען זוואַרטן?

# אַ שטאָט אַ גרינע

רמת־גן איז אַ שטאָט, וואָס האָט דעם חן פון אַ שטעטל, מיט שכנים, וואָס קענען זיך אַלע פערזענלעך און רופן איינער דעם אַנדערן ביים ערשטן נאָמען, שמועסן זיך געמיטלעך אַריבער פון איין באַלקאָן צום אַנדערן, רעדן רכילות, שפילן ליבעס, טוען שידוכים, ווי עס ווערט געבראַכט אין די ראָמאַנען. די שטאָט איז אַביסל קאַפּריזנע מיט אירע אימפּרעסיאָניסטיש אַנגעוואָרפענע גאַסן און סקווערן, מיט אירע פיין־צעגלידערטע בערגלעך און הענגעדיקע גערטלעך, וואָס לאָזן זיך פּלוצים אַראָפּ פון אויבן און שוועבן קרומלעך, עפּעס יאָ און ניין. דאָס איז אַ יונגע שלאַנקע שטאָט — און ווען איך וואָלט נישט געציטערט פאַר אַ נעוואַגטער פאַרגלייכעניש, וואָלט מיך רמת־גן מסתמא דערמאָנט אין אַ יונגער שיינער פרוי — פאַרשטייט זיך, אָן דעטאַלן, אַבי דער כאַפּ איז אַ גוטער — בפרט אַז אין משיחס צייטן, הייסט עס, איז דער נמשל נישט מחוייב צו זיין אַקוראַט גלייך צום משל: גוט פאַר פעליעטאָניסטן.

דאָס איז אַ שטאָט אַ גרינע, אין טאָפּלטן זין פון וואָרט: שוין באַגעגנט היינטיקע צייטן אַ וואָרט אָן אַ טאָפּלטן זין? טאָפּלט איז דער מינימום. דערביי טרעפט איר ווידער פון דער אַנדערער זייט ווערטער אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס מאַטערן זיך אינגאַנצן אָן אַ שטיקל זין, דרייען זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס, אינגאַנצן ליידיקע, איבעריקע. וואָלט אפשר גלייך געווען, אַז די מיטן טאָפּלטן זין, וואָס האָבן בפירוש צופיל, זאָלן אָפּגעבן עפּעס פאַר יענע, וואָס האָבן גאָר־נישט — וואָלט דאָס געווען אָן אָנהייב פון אויסגלייכנדיקער גערעכטיקייט אין דער וועלט. אָבער דאָס שמעקט שוין מיט אוטאָפּיזם: וואָס איז דאָ שולדיק רמת־גן?

וויל איך זאָגן, אַז רמת־גן איז אַ שטאָט אַ גרינע, קודם לויטן צווייטן טייטש פון וואָרט: אַ יונגע, אינגאַנצן אָן סטאַזש, אָן „שטעטל“ און זי איז ביי זיך אַליין נאָך נישט אינגאַנצן זיכער: יאָ צי ניין. די שטאָט ליגט אויף דעם בערגלדיקן שטיקל ערד, וואָס יהושוע בן נון האָט געהאַט פאַרצייטנס צוגעטיילט דעם שבט

דן, ווען ער האָט מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק פֿאַרצעלירט דאָס דעראָבערטע לאַנד. איז אָבער דן, מיטן גרעסטן כבוד, אַ פֿאַרעווע שבט: יידן בעלי־בתים. ס'איז נישט דער מעכטיקער שבט יהודה און נישט יוסף מיט געשיכטע און לעגענדעס, נישט בנימין דער מוזיניק פון זיידן יעקב, נישט שמעון ולוי, צוליב וועלכע מ'פלעגט כאַפּן פעטש ווינטערביים חומש, אויך נישט יששכר און זבולון, וועגן וועלכע מ'פלעגט אין חדר אַזוי שאַרף „אַרויסזאָגן" — דן איז דן.

דאָ, אויף דעם באָדן פון שבט דן, האָט זיך רמת־גן אַוועקגעשטעלט מיט קאַרגע דרייסיק יאָר צוריק, אָן יחוס, אָן דורות, אָן אָרנאַמענטן פון שיינע חורבות, מיט וועלכע עס גרויסן זיך באַרימטע אַלטע שטעט אויף דער גאַנצער וועלט. זיי האַלטן זיך ספּעציעלע חורבה־אַרכיטעקטן, וואָס זאָרגן פֿאַר אָריגינאַל־מפולתן מיט לאָקאַל־קאָלאָריט: טונקעלע, טוכלע געסלעך מיט קרישלדיקע מויערן און ווילגאָטנע קעלערן און נאָך אַזאַ סאָרט קאָמפּאָרט פון אַלטוואַרג. דאָס אַלץ פֿאַרמאָגט נישט רמת־גן און זי קאָן דערויף אויך נישט פּרעטענדירן: אַ שטאָט, אַן אָנפאַנגעריק, אַ „גרינע".

אָבער גרין איז די שטאָט אויך אויפן רעכטן אמת, גרין אָן אַ פּירוש, מיט אַ סך פרישע גערטנער, אַלייען און פּאַרקן און בלומען פאַר די הייזער און סתם מיט יונגן גראָז, גרין און זאַפטיק, דאַכט זיך, גראָז: וואָס זשע איז די גדולה? אָבער איר פילט, אַז דאָ האָבן יידן בעלי־בתים, אָנגעשמעקט מיט ראָמאַנטיק פון חיבת־ציון און מיט די לאַנדשאַפטלעכע אידיליעס פון תנ"ך, מקיים געווען אַ מצווה פון עובר זיין אויף דעם פריקרע פסוק פון פרק, מיט וועלכן משכילים פלעגן זיך אַלעמאָל אַביסל שעמען, ווייל ער פאַרגינט נישט די הנאה פון אַ בוים, פון גרינס: המהלך יחידי בדרך... איז דווקא יאָ גראָז, ווו דאָס אויג גיט נאָר אַ קוק — אדרבא, זאָל טאַקע זיין שיין. זעלטן האָב איך באַגעגנט שטאָט־טאָטעס אין ישראל זאָלן אַזוי סטראַיען און פוצן די שטאָט ווי אין רמת־גן. זיי צעוואַרפן דאָ פלאַנצן און בלומען, ווו עס לאָזט זיך נאָר, אַבי ס'זאָל שמעקן און גרינען; אַ שטאָט אויף שבועות.

אפשר טאַקע דערפאַר האָט רמת־גן אַזאַ שטאַרקע צוציִונגס־קראַפט אויף פּאָעטן. ביאַליק פלעגט דאָ זיין אַ שטענדיקער גאַסט און לכבוד שאול טשערניכאָווסקי איז פאַרפלאַנצט דער פּאַרק גן שאול. יעקב פיכמאַן וווינט אין רמת־גן און איצט אויך זלמן שניאור און אורי צבי גרינבערג און אביגדור המאירי און אויך אַנדערע יינגע פּאָעטן זענען דאָ תושבים — זאָל זיך דרייען אַ פּאָעט אין שטאָט — ס'איז „שיין", עלעהיי גראָז. פּאָעטן דערקוטשען אַמאָל מיט טענות, מיט אַ האַרבן אמת — אָבער בדרך כלל דערלייגט נישט די שטאָט צו אַזעלכע געהויבענע איידעמס: ס'איז אָן קעסט.

אַריינגעקוועטשט צווישן דער רעשיקער תל־אביב פון איין זייט און פון דער

אַנדערער זייט אין אַ פּלאָנטער פון דערפער און הינטערשטאָטישע קוואַרטאַלן, אַרום בני ברק און גבעתים, פּרימיטיווע שטיבלעך און וואַרשטאַטן און קליינע דאָרפישע באַלעבאַטישקייט מיט אַ שטיקל פעלד און הינער און אַ גרוי אייזעלע, וואָס דערשרעקט זיך פאַר אַן אויטאָמאָביל — האָט רמת־גן זיך אויסגעפורעמט איר אייגענעם פּנים: פאַבריקן און גערטנער, סטאַדיומס און חסידישער בית־מדרש, פּאָעזיע און פּרנסה. אין רמת־גן האָט מען שטאַרק ליב פּרנסה, פּראַקטיש און טעאָרעטיש פּונקט אַזוי ווי אומעטום און נאָך אַביסל מער: ס'איז ווידער „שייך": פּאָעזיע פון בעלי־בתים. פּרנסה איז אָבער נישט קיין ענין בלויז פון די גרויסע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אין משך פון אַ קורצער צייט אַנטוויקלט אין שטאָט אַן אימפּאָזאַנטע אינדוסטריע פון אייזן און טעקסטיל, שאָקאָלאַד, יוטע, מעבל, קאָנסערוון — פּרנסה האָבן ליב אויך סתם ייִדן פון „עמך", אַרבעטער, קרעמערס, בעלי־מלאכות, באַאַמטע: פיינט קבצנים!

דאָס איז, אַזוי־צו־זאָגן, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע גרונט־טעאָריע פון די רמת־גנער שטאָט־טאַטעס. „שטאָט־טאַטעס" נוצט מען געוויינטלעך אויף דער גאַנצער וועלט מיט קליין ביסל איראָניע — דאָ, אין רמת־גן, האָט דאָס וואָרט אַ היימישן באַלעבאַטישן אַקצענט. עס שמעקט מיט פּאַטריאַרכאַלישער צוגעלאָזטקייט און מיט דעם פּאַרצייטיקן ראש־הקהלדיקן זאָג: „איך הייס..." האָבן אַ סך מענטשן טענות צו דעם אַלטפּרענקישן דרך ארץ־שטייגער פון די שטאָט־טאַטעס, וואָס פירן זיך מעשה בעל־הבית — אָבער אַלע זענען מודה: די שטאָט האָט אַ מאַניע פון אויפטו, אַלעמאָל עפּעס נייעס. איר פילט דאָ אָפּט געזונטע אַמביציע און סטימולירנדיקע קנאה, וואָס פלייסט זיך איבערשטייגן עמעצן און וואַקסן איבער זיך אַליין.

פּאַראַנען מענטשן, וואָס האַלטן, אַז דער טרייבנדיקער כוח איז דער ביר־גערמייסטער פון שטאָט. ער איז אַליין נאָך אַלץ אַ פאָלקסמענטש, כאָטש ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין גבירישער פּאָליטיק, אַ געוועזענער סטאָליאַר פון גראָדנע. איז אים פון יענער צייט געבליבן דער געזונטער חוש פאַר אַ גוט שטיקל אַרבעט, פאַרפוגעוועט פעסט אַרום און אַרום: ווייניק אידעאָלאָגיע, מער פּראַקטישע אויפ־טוען פון אַ געניטן בעל־מלאכה און אַ גוטן בעל־הבית. ער איז געווען אַמאָל אַ לינקער, האָט געפירט, דאַכט זיך, שטרייקן און געהאַלטן ראַדיקאַלע רעדעס פאַר ברידער אַרבעטער, קעגן די בלוט־צאַפּערס און ווען ער איז מיט אַ קאַרגן האַלבן יאָרהונדערט צוריק געקומען קיין ארץ־ישראל, איז ער געווען די ערשטע צייט אַ שומר — אָבער זייט יענע ווייטע יאָרן האָט ער זיך אַנטוויקלט אויף צוריק און איז געוואָרן איינער פון די זיילן פון באַלעבאַטישן קאָנסערוואַטיזם. דערביי האָט ער ליב, אַז מען דערמאָנט אים זיין לינקע פאַרגאַנגענהייט. ער איז נאָך היינט שטאָלץ, וואָס ער פאַרמאָגט אַלץ נישט קיין פראַק — לאָזט ער זיך מאַכן

ביים ערשטן מאָדע־שנײַדער אין רמת־גן שפּאָגל־ניי אויסגעטרעפּקעטע קאָסטיו־מען מיט פריש קנאַקנדיקער צעקנייטשטקייט.

טשאַטעוועט אויף אים אַן אַלטיטשקע ביי דער טיר פון זיין אַמט: זי דאַרף אַ שטאָטישע קאָנצעסיע אויף עפּעס, זי ווייסט נאָך אַליין נישט אויף וואָס, בייגל צי גאַזאָז — אַ קאָנצעסיע אויף אָרעמקייט. זי וויל נישט רעדן מיט די „מענטשן" אין ביורא — זי דאַרף צום „באַלעבאָס" אַליין, וועט זי „אַריינגיין" און מאַכן אַ געוואַלד: סטייטש! שטייט די אַלטיטשקע אַזוי ביי דער טיר, רוקט דאָס וואַלענע קאָפּטיכל איבער דעם פאַרטריקנטן פּנים און שעפּטשעט עפּעס מיט אַלטווייבע־רישע חן־קנייטשעלעך, פאַרזיסט מיט באָבעשע טרערן: דאָס איז דער „געוואַלד". איך בין זיכער, זי וועט אויספּועלן דלות מיט אַ שטאָטישער קאָנצעסיע. רמת־גן איז גוט פאַרפונדעוועט און קאָן זיך פאַרגינען מיט רחבות, צו האַלטן איינע אַן אַלטיטשקע, וואָס זאָל דאָ קיין פּרנסה נישט האָבן אין נאָמען פון דער גאַנצער שטאָט. דאָס וועט זיין איינע אַן אַלטיטשקע אויף רחמנות. ס'איז ווידער „שיק" פאַר די שטאָט־טאַטעס — אָט אַזוי ווי דאָס גרינס פון די פאַרקן און די פּאָעזיע פון די פּאָעטן און כמעט אַזוי ווי די פּרנסה, וואָס אַנדערע האָבן יאָ.

# דעמאָקראַטיע

## קריזיס

קומט אַהיים פון שול אַ תל־אביבער קונדס און האָט אַ שטאַרקע טענה: „מאַמע, ווען וועט אַמאָל קראַנק ווערן דער לערער?... דער ווינטער האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן, מענטשן פאַרקילן זיך, כאַפּן אַ גריפּע, ליגן אין בעט מיט פיבער — און דער לערער גאָרנישט. ער האָט נאָך אַפילו קיין קאַטער נישט — אויף ווען וואַרט ער?"

דער קונדס האָט ליב קריזיס אין שול. זיין אינטערעס פאַר דער שול דער־וועקט זיך ערשט. ווען מען צעלאָזט זי, ווען דער לערער איז נישטאָ און אַלץ גייט כאַדאַראַם. פאַראַנען אויך אין פּאָליטישן לעבן מענטשן מיט אַזאַ קונדייסישן יצר־הרע. זיי בענקען נאָך אויפגעריסענע זיצונגען אין דער כנסת און זיי האָבן הנאה, אַז דער פּאַרזיצער ווערט הייזעריק און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיטן שטורעם: וועלט־פּאָליטישע אָריענטאַציע... קאָאַליציע... אָפּאָזיציע... ערב־וואַלן... קאָן זיין, אַז מיר, אין דער יונגער כנסת, האָבן נאָך נישט קיין ריכטיקע טראַדיציע אין סטיל פון פּאַרלאַמענטאַרישע קריזיסן — אימפּראָוויזירט מען און מען קריגט זיך דערוויייל אַביסל דילעטאַנטיש, כאָטש איינגאַנצן קיין פּאַרטאַטשעס זענען מיר, חלילה, אויך נישט. אוודאי איז דער רעליגיעזער בלאָק אין דעם פּרט אַביסל שטאַרקער. פאַראַן דאָרט יידן, וואָס האָבן כמעט געענדיקט אַן אַקאַדעמיע אויף בעל־הבתישע מחלוקתן אַרום גבאות און חזקה אין בית מדרש. אין דעם פּונקט זענען אפשר סאָציאַליסטן טאַקע הינטערשטעליק: אַ מצווה אויף פריידענקער!

דערציילט מען מיר וועגן איינעם אַ ייד אין ירושלים, וואָס האָט געמאַכט אַ „שהחיינו", ווען עס איז אויסגעבראָכן דער ערשטער רעגירונגס־קריזיס אין לאַנד: סוף־סוף דערלעבט אַ שטיקל סומאַטאָכע מיט מלוכהשער סוווערעניטעט — און אויב שוין יאָ קריזיס, זאָל זשע זיין מיט אַ סאָלידער באַזע: אייגענע רעגירונג, אייגענער פּאַרלאַמענט, אייגענע צרות, אַפילו אייגענע יידישע נאַרישקייטן, כאָטש

נישט לאַנג האָב איך געהערט, ווי איינער אַ ייִד האָט אַריינגעזאָגט אַ מלוכה־באַאַמטן אין דער קריה: „יונגערמאַן", לויט אייער נידעריקן ראַנג אין מיניס־טעריום, זייט איר אַ צו גרויסער נאַר... דאָס קאָן זיך אפשר דערלויבן אייער דירעקטאָר — פון אייך איז דאָס פשוט אַ חוצפה..."

ווייס איך נישט אַקוראַט, צי איז דאָס געווען אַ חוצפה — אַ לוקסוס איז דאָס אַוודאי. אפשר קאָנען זיך רייכע, מעכטיקע פעלקער פאַרגינען, אַמאָל פאַר אַ נאָווינע, אַביסל טיפּשות אויך — מיר אָבער, אַ שוואַך, אָרעם פאָלק, וואָס שטעלט זיך ערשט קוים אויף די פיס, מיר האָבן דערויף פשוט קיין בודזשעט נישט, וואָרום על פּי שכל דאַרף מען דאָך די נאַרישקייט מסתמא ערשט אימפּאָרטירן פון אויסלאַנד — כאָטש צוריקגעשמועסט: נישט פאַראַן אויף דער וועלט קיין גרעסערער נאַר ווי אַ נאַרישער ייִד. וואָרום אַ ייִד, אַז ער פועלט שוין יאָ ביי זיך צו זיין אַ שוטה, לייגט ער אַריין אין דעם שטות זיין גאַנצע חכמה און חריפות.

וואָס זשע האָט דאָס אַלץ צו טון מיט פּאָליטישע קריזיסן, מיט מחלוקתן צווישן פּאַרטייען? מענטשן מיט געוויסן און נאַציאָנאַלער אחריות זענען ברוגז, וואָס מיר האַלטן צו־ווייניק אחדות און איינער אַ פּאָליטישער ווערטלזאָגער האָט פאַרגעלייגט, מיר זאָלן פּראָקלאַמירן אַזאַ מין מאָראַטאָריום אויף מחלוקת, ביז די צייטן וועלן בעסער ווערן, אַזוי ווי מען לאָזט, למשל, שטיין חובות אין אַן עת־צרה. הייסט דאָס, אַז מיר זאָלן חלילה אויפהערן אינגאַנצן צו קריגן זיך? — אַזוי ווייט גייט קיינער נישט — אָבער זאָל מען אפשר אָפּלייגן דעם גאַנצן ענין אויף שפּעטער, ביז מיר וועלן האָבן אָפּגעטון דעם גרעסטן טייל פון אונדזער אַרבעט. מיר האַלטן אינמיטן וואַקסן, אין ראַנגלעניש און אין פריידן. די דינאַמיק טרייבט און אויף אָפּשטעלן זיך איז אָפּט קיין צייט נישטאָ. פעלערן? וועט מען זיך אומקערן שפּעטער און פאַרריכטן. דערוויל אָבער מוז מען גיין ווייטער. יעדן טאָג קומען אָן נייע ייִדן, דאַרף מען מאַכן פּלאַץ פאַר זיי און פאַרוואַנדלען זייער אומרויִקן לעבן אין אַ קאָנסטרוקטיוון כוח פאַר דער מדינה, וואָס איז נאָך אַליין אומרויִק, מיט זיך נישט פאַרטיק, וואָס האָט נאָך אַליין אַ סך אָפענע פּראָבלעמען און ווונדן — ווי זשע מאַכט מען דאָס אַלץ אָן שאַפערישע יסורים? קיין פאַרטיקע רעצעפּטן זענען דאָך נישט פאַראַן און קיין גלאַטיקע האַרמאָניע האָט אונדז קיינער נישט אָנגעגרייט אין דער דאָזיקער צעריסענער, פאַרפּלאָנטערטער וועלט. אונ־דזער לעבן אין ישראל ווערט טעגלעך פונסניי באַשאַפן, ווי עס ווערט באַשאַפן אַ נייע וועלט — און די אור־טעכניק פון פאַרצייטיקע מעשי־בראשית וועלכע מיר מיִען זיך, אַרויסצוכישופן פון דער דאָזיקער ערד, האָבן מיר מסתמא שוין באַוויזן צו פאַרגעסן. וואָס זשע איז דער חידוש, וואָס גייענדיק באַרג־אַרויף מיט אַזאַ שווערער משא גורל, שטרויכלען מיר און פאַלן אַמאָל צוריק אינמיטן וועג?

אַוודאי וואָלט געווען אַ יושר, אונדזער לאַנד אויף זיינע יונגע ציטערדיקע

יאָרן זאָל באַהיטן ווערן אינגאַנצן פון אַלערליי קריזיסן און מיר זאָלן קאָנען יעדן געדאַנק און יעדן פונק ענערגיע אַריינלייגן אין דער איבערמענטשלעכער אויפגאַבע פון אונדזער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע: צונויפשמעלצן און צעמענטירן די צעבראָקלטע פאָלקס־טיילן און אויספורעמען פון די צאַפּלדיקע שבטים אַ לעבעדיקן נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם, וואָס שטייט פעסט אויף זיין באַפרייטער ערד און שאַפט ברויט און זיכערקייט פאַר זיך און כבוד און גרויסקייט פאַר אַלע ייִדן אויף גאַר דער וועלט. אָבער די אָביעקטן, מיט וועלכע מיר האָבן צו טון, ברענגען יעדעס איינציקע מיט זיך זיינע אינעווייניקסטע שוועריקייטן, מיט וועלכע מיר קאָנען נאָר טריט פאַר טריט פאַרטיק ווערן. מיר שטייען אין ברען פון קיבוץ־גלויות, אין ברען פון אימפּעטיקער בוי־אַרבעט אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד — און טאַקע אין סאַמע מיטן ברען לערנען מיר זיך דערפילן די אויפגאַבן. בין איך דעריבער נישט נוטה, מגזם צו זיין אין דער אָפּשאַצונג פון אַ קריזיס, וואָס ברעכט אַמאָל אויס אין אונדזער לאַנד. דאָס לעבן גייט ווייטער. ברענגען שיפן נייע עולים און מיט נייע עולים קומען נייע פּראָבלעמען: נישקשה, דראַמאַטיש איז ביי אונדז אין ישראל אָן קריזיס אויך, — כאָטש מיט אַ קריזיס איז מסתמא נאָך „לעבעדיקער"; אָבער דאָס איז שוין אויסברענגעריי.

## וואַלן אין לאַנד

מאַסן־מיטינגען אין שטעט און דערפער און מעברות, פאַרזאַמלונגען אונטערן פרייען הימל, אין נאַטירלעכע אַמפיטעאַטערס, הילכערס, אַפישן און פלאַמענלאָזונגען אויף אָוונטלעכע דעכער, קעמפערישע פאַרמעסטונגען און געמיטלעכע קריגערייען אין שטוב, אין פאַבריק נאָך דער אַרבעט, אויפן שפּאַציר ביים ים, אין אויטאָבוס, קינאָ, קאַפע: מפא"י־מפ"ם־אחדות העבודה־אַלגעמיינע־מזרחי־חרות־מק"י.

פאַרן אַרום פאָליטישע פירערס און עסקנים איבערן גאַנצן לאַנד און שטעלן זייער טעטיקייט צום משפּט פון פאָלק, דער העכסטער אינסטאַנץ אין מדינת־ישראל. דו ביסט טאַקע דער פּרעמיער און דער אָדער יענער איז אַן אָנגעזעענער פירער איך לאַנד און אין חוץ־לארץ — אָבער איך בין אַ פרייער בריגער פון מדינת־ישראל און דער דרך־ארץ מוז זיין אַ קעגנזייטיקער. קיינער האָט דאָ נישט קיין מאָנאָפּאָל אויף פּאָליטישער חכמה און פון קיין פירער־קולט האַלטן מיר נישט אין ישראל — כאָטש עס איז אַוודאי נישט קיין גוזמא, אַז דער פאַרזאַמלונגס־טורנע פון דוד בן־גוריון איבערן לאַנד איז געווען דער טריומף־מאַרש פון אַ דעמאָקראַטישן פאָלקס־פירער, אין וועלכן אַלע, אויך די געשווּוירענע קעג־

נער, וואָס האָבן ליב, אים צו האַסן, פילן דעם באַשעפער פון מדינת־ישראל. ישראל איז אין די וואָל־טעג איין גרויסער עפנטלעכער געדאַנקען־אויסטויש וועגן גרונט־פּראָבלעמען פון אונדזער קיום. איך האָב געזען אין צענדליקער מאַסן־פאַרזאַמלונגען טויזנטער און טויזנטער ייִדן פון תימן און אינדיע, פון בבל און פערסיע און פון אַנדערע פּאָליטיש אָפּגעשטאַנענע לענדער, ווו ייִדן האָבן קיינ־מאָל קיין רעכט נישט געהאַט, נאָר זענען געווען אויסגעליפערט מיט לייב און לעבן צו רשעות און קאַפּריזן פון פעאָדאַלע רעזשימען און זייערע קנעכט. די ייִדן פון יענע לענדער לערנען איצט אין ישראל, צום ערשטן מאָל אין לעבן פון זייער שבט, דעם א״ב פון מענטשן־רעכט און זיי גרייטן זיך, כמעט מיט אַ רעליגיעזן „לשם יחוד״, מקיים זיין די עבודה פון דעמאָקראַטישע רעכטן און פליכטן. נעבן די דאָזיקע אָנפאַנגערס פון פּאָליטישער דעמאָקראַטיע זעט איר נייע עולים, וואָס האָבן אַמאָל אין זייערע לענדער יאָ געהאַט פּאָליטישע רעכט, וואָס האָבן אָבער די דאָזיקע רעכט פאַרלוירן מיטן איבערבייט פון רעזשים.

זעט איר אין די מאַסן־פאַרזאַמלונגען אַלע סאָרטן ייִדן, וואָס זענען אומזיכער אין דעמאָקראַטישע מנהגים, און מיט זיי דער גרויסער רוב בירגער פון ישראל, באַוווסטזיניקע מענטשן, וואָס ווייסן, אַז זיי זענען באַרופן צו קאָנטראָלירן די מלוכהשע מאַשין און זיין שותפים צו דער זאָרג פאַר איר ריכטיקן גאַנג. איך האָב געהערט אין די מאַסן־פאַרזאַמלונגען רעדן עברית און ייִדיש, פראַנצויזיש, טערקיש, ענגליש און אַראַביש און שפּאַניאָליש — און מאָדנע: ווי גוט מען פאַר־שטייט איינער דעם אַנדערן, אַביסל אויפן ווונק און אַביסל שטויסט מען זיך אָן, האַלבע ווערטער מיטן גאַנצן האַרצן. דער עיקר, מען וויל פאַרשטיין און קומען נעענטער איינער צום אַנדערן און זיין אַ ברודער צווישן ברידער. מיר ווילן נישט ,עס זאָל אויסוואַקסן אין ישראל אַ שבט פון דעפּוטאַטן און מיניסטאָרן און אַנדערע שבטים זאָלן זיין האַלצהעקערס און וואַסערטרעגערס. פאַראַן אין אַלע וועלט־פּאַרלאַמענטן דעפּוטאַטן „פון געוווינהייט״, וואָס האָבן אַ מין דזשענטלמען־אָפּמאַך מיט דער אורנע: זיי קומען „אַרויס״, ווי ס׳זאָל נישט זיין. דאָס זענען די „זיצערס״ מיט חזקה — פּונקט ווי עס זענען אויף דער אַנדערער זייט פאַראַן אין אַלע פּאַרלאַמענטן געניטע דורכפאַלערס, וואָס דאַרפן שוין אַליין גאָרנישט טון. זייער מפלה איז געזיכערט פון פאָרויס און זיי קומען צום גרייטן.

און איצט האַלטן מיר נאָך די וואַלן — בין איך נישט מחויב זיי אָפּצושאַצן. די רעשיקע מיטינגען האָבן זיך איינגעשטילט. די ראַדיאָ־הילכערס זענען פאַר־שוווּנדן און פון די פּאַרקאַנעס קרישלען זיך פאַרטרוקנטע לאָזונגען. טרעף איך די טעג איינעם אַ ייִד, אין חיפה, איז ער נעבעך הייזעריק פון די אַלע רעדעס, וואָס ער האָט געהערט, כאָטש נישט איינמאָל פלעגט ער דרימלען הערנדיק. ער האָט ליב צו דרימלען אויפן הינטערגרונט פון פּאָליטיק, אָבער איצט וועט זיין

געגנוג. דאָס לאַנד קערט זיך אום צו דער אַרבעט מיט פּאַרטאָפּלטן אימפּעט: אַן עבֿרה צייט! צי איז אין דעם איצטיקן וואַל־קאַמף אַלץ דערגרייכט געוואָרן? צי וועט דאָס געשען ביי די קומענדיקע וואַלן? דעמאָקראַטיע ווייסט נישט פון אַלץ אויף אַמאָל — און אַוודאי קאָן דאָס נישט געמאָלט זיין אין אַ לאַנד, וואָס האַלט נאָך אַלץ ביים סאַמע אָנהייב און פאָדערט פון אונדז אַלעמען אַ סך געדולד און ליבשאַפט. עס גייט נישט וועגן זיגן אין אַ פּאָליטישער דעבאַטע — דאָס איז אפשר נישט אַזוי שווער — עס גייט דער עיקר וועגן שאַפן לעבן און פרייהייט און זיכערקייט פאַר אַ פאָלק פון אָנגעיאָגטע, צעריסענע שבֿטים. קיבוץ־גלויות איז אַ תּנ״כישע וויזיע — און אין יענער ספערע האָט מען קיינמאָל קיין פאַרמעסט נישט געזשאַלעוועט. מיר אָבער, אין דער רעאַליטעט, וואָס מיר האַלטן ערשט אין שאַפן, מוזן די „גלויותן" פאַמעלעך זאַמלען, באַרויקן, דערציִען, דערהייבן צום מעמד פון אין ייִדישן מלוכה־פאָלק. דערצו פאָדערן זיך אַ סך גוטער ווילן און איבערמענטשלעכער כּוח צו אָט דעם ציל, און נאָר צו אים אַליין, דינען די וואַלן. דאָס איז נישט אַזוי אַן ענין פון עפּעס מיינען, ווי פון טון דעם עיקר. נישטאָ ביי אונדז קיין פּריווילעגירטע מיינונג־באַזיצערס, נישט צווישן יענע, וואָס האָבן די מאה, און אויך נישט צווישן די אַנדערע, וואָס האָבן אַ טרויעריקן מאָנאָפּאָל אויף דלות. בײדע, די מאה און דער דלות, זענען אין תּוך אַ פּראָבלעם פון גערעכטער פאַרטיילונג — און דלות איז דאָך אַוודאי פאַראַן בשפע פאַר אַלעמען אויף דער וועלט — דאַרף מען זען, אַז אויך די מאה זאָל דעמאָקראַטיזירט ווערן און זאָל זיך נישט האַלטן אַזוי עקסקלוסיוו.

# די טעכטער פון מאה שערים

אַריינגעפאַלן אין איינעם אַן אָוונט אין מאה־שערים, אין דער „פעסטונג" פון נטורי קרתא. ברייטע ,האַמעטנע הויפן מיט שטיינערנע הייזער, מיט שווערע טויערן, וואָס סקריפּען אין די פאַרזשאַווערטע זאַוויאַסעס, מיט פאַרצייטיקע ברונעמער, וואָס זייערע עמערס קאַפּען בלוילעכע טראָפּנס אין טונקעלן אָוונט, מיט פּריזבעס און אַרויסגעשטעלטע לאַנגע הילצערנע בענק, ווו ייִדענעס „זאָגן" עפּעס פון גראָבע, אָנגעבלאָזענע טייטש־חומשים, וואָס זעען אויס ווי צעייִרענע ברויטן. איך האָב זיך געדרייט צווישן מרה־שחורהדיקע קלויזן, וואָס זייערע ספרים־שאַפעס פּוסטעווען, ווייל די ישיבה־בחורים זענען גראָד פאַרנומען מיט טעראָריזם דקדושה, צווישן וואַרשטאַטלעך פון אָרעמע בעלי־מלאכות, וואָס קאָרטשען זיך אין טוכלע קעלערס, צווישן הילצערנע גאַניקלעך אונטער צעקרישלטע העכלעך און שפּיציקע פענצטערלעך מיט פאַרביקע שייבלעך. איך האָב געזען מידע פאַמעלעכע זקנים אין צעשאָטענע אַטלעסענע לאָקשן, וואָס האַלטן זיך פאַר כאַלאַטן, און ווידער אַלטיטשקע קינדערלעך מיט גרויסע, ווייסערישע אויגן אין בלייכע פּנימלעך, אויף וועלכע עס ליגן שווערע פּיאות. איך האָב געזען דורך די פענצטער גרויסע ברויטן אויף לאַנגע טישן, בלעכענע שיסעלעך מיט ציבעלעס און רעטעך, און געהערט נאָך אַזאַ מין „סעודה" בענטשן אַ ברייטלעכן ברכת המזון, עפּעס אין גאַנצן אָן אַ פאַרוואָס.

עס איז נאָך תשעה־באב און פאַר ראש־חודש אלול און מען גרייט זיך צום סעזאָן פון גרויסן חשבון. דערווייל זיפצט מען ברייט און מען כאַפּט אַוואַנסן אויף תשובה. אויף טירן פון קלויזן און מקוואות ברעקלען זיך פאַרדאַרטע רעשטלעך אַפישן מיט „הימלגעשריי" און חילול־השם, מיט „תקיעת שופר און תענית ציבור", מיט רשכבהג׳ס און הייליקע צדיקים און, להבדיל, מיט פּושעים און רשעים, וואָס ווילן, חלילה, מפקיר זיין צו זינד די כשרע צניעותדיקע ייִדישע טעכטער. די טעכטער אַליין האָבן דערווייל שוין באַוויזן אויסצוטאָן די וואָלענע טיכלעך און די הויך־פאַרשפּיליעטע שפּענצערס פון שרה בת טובים און די שוואַרצע גראָבע

ביינוול זאַכן, די אוניפאָרם פון צניעות. זיי קעמפן פאַר זייער רעכט נישט צו דערפילן קיין פליכט צום לאַנד. מיט וואָס זענען זיי נעבעך, ערגער פון זייערע ברידער, די ישיבה־בחורים, צווישן זיי געזונטע יונגען מיט צעוואַקסענע קאָרקעס און מאַנצבילישע גאָרגלען, וואָס זענען פריי פון מיליטער־דינסט. אַמאָל, אין די שטעטלעך, צווישן גוים, זענען זיי געווען פטור פון מיליטער: זייער כוח איז געלעגן אין דער „שלאַפקייט". דאָ, אין מדינת ישראל, וואָס זיי האָבן, אגב, נאָך אַלץ נישט אָנערקענט, „דע־תורה", זענען זיי, נעבעך, לומדים, און דעריבער זע־נען זיי פטור פון באַשיצן דאָס לאַנד.

די מדינה מאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו פאַרפונדעווען איר זיכערקייט, צו באַפעסטיקן אירע גרענעצן, צו האַלטן גרייט כוחות פאַר יעדער סכנה, און באַזונדערס אין ירושלים, מיט די אַראַבישע אַריינדרינגלערס אין די נעכט, פילט יעדער ייד, אַז די זיכערקייט פון דער מדינה רירט אָן זיין פער־זענלעכן לעבן, זיין משפחה, זיין האָב־און־גוטס.

דערצו האָט די רעגירונג אין דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן הילפס־דינסט פאַר מיידלעך אויסדריקלעך באַשטימט באַזונדערע הנחות פאַר פרומע מיידלעך, וואָס וועלן, לויטן געזעץ, זיין פטור פון מיליטער, פטור פון קאַזאַרמע, פון מונ־דירן, נאָר וועלן אַרבעטן ביי קראַנקע, ביי נייע עולים, ביי קינדער, אין שפּיטע־לער, אין קאַנצעלאַריעס, אין דער לאַנדווירטשאַפט פון רעליגיעזע קיבוצים. זיי וועלן קענען ווייטער אָנגיין מיט זייער היימישלעכן לעבנס־שטייגער, עסן אין כשרע קיכן, וווינען אין דער היים, פאַרברענגען זייער גאַנצע פרייע צייט אין איינעם מיט דער משפחה — אַלץ כדי צו פאַרלייכטערן די הילפס־אַרבעט פאַר די פרומע מיידלעך.

איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז די מיידלעך אַליין זענען אין תוך צופרידן פון די קאָנצעסיעס, וואָס די רעגירונג מאַכט פאַר זייערטוועגן. נאָך אַלע־מען האָט אַמאָל אַזאַ מיידל, אַ חברטע מחוץ די מויערן — און אפשר גאָר ס'זאָל נישט אויסגערעדט זיין: אַ בחור — און עס וועט איר אוודאי זיין אַ בושה, פאַר־רעכנט צו ווערן צווישן יענע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס פחדנותדיק, נאַרן אָפּ די מלוכה און פאַרראַטן די אינטערעסן פון לאַנד. מיר זענען אָן אָרעם לאַנד און מיר קענען זיך נישט דערלויבן, צו האַלטן עפּעס אַן אויסטערלישע אַריסטאָקראַ־טיע פון מאה־שערים, וואָס דאָרט איז מען פטור פון אַלע מצוות לגבי דער מדינה און מען איז יוצא נאָר מיט די רעכט, וואָס דאָס געזעץ פאַרזיכערט פאַר די בירגער פון לאַנד.

אָבער פאַראַן פּאָליטיקאַנער, וואָס ווילן מאַכן קאַריערע מיט יראת שמים, קאַרייראת־שמים. זיי מאַכן די גרויסע געוואַלדן און אָרגאַניזירן קאָלעקטיווע יללות ביים מיקראָפאָן און מאַניפעסטאַציעס פון ספּאָדיקעס און גאַרטלען און

צעפּאָרענע כאַלאַטן, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט צו אַ מאַסן־סצענע פאַר האַליוווּד של מעלה; די וואָס האָבן ליב פּאָליטישע פּיקאַנטעריִעס, וועלן אַוודאי הנאה האָבן פון דעם טשיקאַוון פאַקט, וואָס בעת דער ערשטער אָפּשטימונג אין דער כנסת האָט מאיר ווילנער פון מק״י — מק״י אשר כתובה בתורה — גע־שטימט אין גייסט פון נטורי־קרתא קעגן דעם געזעץ־פּראָיעקט פון דער רעגי־רונג, כאָטש ער אַליין געהערט דערוויל נאָך צו די נטורי־קרעמל — ביז צו דער קומענדיקער טשיסטקע.

אַ גאַנצן לאַנגן אָוונט האָב איך פאַרבראַכט אין מאה־שערים. קומט מיר אַקעגן אַ ייִד מיט אַ כאַליאַסטרע, זין און טעכטער, איידעמס און שנורן, און שוואָגערס און אייניקלעך, און אַלערליי גילגולים פון „שני בשלישי׳ס״. דער ייִד איז אַ מקבל און אַ מקובל: זיין דלות פאַרמאָגט אַ טאָפּלטן הכנסה־קוואַל — כאָטש אין תוך האָט דער דלות ביי אים שוין לאַנג אַנגענומען די פאָרעם פון הייזער און מסחרים און אויסלענדישע גילדענע זייגערלעך, וואָס פאַרוואַלגערן זיך אין כשרע פוטער אָדער ווורשט. דער ייִד האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע מיט „נע־מען״ נדבות. גענומען און געשאָלטן, גענומען — נישט געוואָרט אַפילו, ביז מען וועט געבן, גענומען מיט רוגזה; היינט שילט ער שוין נישט לאחדים און דער עיקר: ער שילט נישט מער אַליין, ער האָט דערצו וויצע־שעלטערס, די יונגע חברה איידימלעך און אייניקלעך. נאָר מדינת־ישראל שילט ער פּערזענלעך. דאָ קען ער זיך נישט פאַרלאָזן אויף יענעם. אַמאָל האָט ער געהאַט זיינס אַ סטאַנ־דאַרט־קללה פאַר ציוניסטישע אַפּיקורסים: „נישט מוציא שנתו זיין״ — געגנוג! היינט האָבן זיינע קללות, אַזוי צו זאָגן, אַ מלוכהשן פאַרנעם: „חורבן בית שלישי!״. ער שילט אָפן אין גאַס, אין מיטן דעם צעיושעטן עולם פון געהויבענער אונ־טערוועלט — און ער פאַרלאָזט זיך דערויף, אַז די פּאָליציי וועט האָבן דרך־ארץ פאַר אַ ייִד „אַ גדול״, וואָס ריכט אָפּ מקוואות און תעניתים אין אַזאַ ברייטן פאַר־נעם, אַז דער שווערער בויך הענגט אים אַזש אַריבער איבערן גאַרטל.

דער ייִד האָט אַחוץ אַנדערע מסחרים, אַן עקספּאָרט פון אייניקלעך מעבר־לים. פאַרבענקט זיך אַמאָל אַן איינזאַמער ייִדישער קהילה אין דער פּראָווינץ פון אַמעריקע אָדער דרום־אַפריקע נאָך אַן „עכטן״ קדוש, דערלאַנגט מען אים אַזאַ מין אייניקל פון מאה שערים, וואָס ווערט דאָרט אַ הייליקער צדיק און שרייבט דערנאָך חוצפּהדיקע מעמאָריאַלן צו דער רעגירונג אין ירושלים.

אָט דער „קדוש״ איז דער צעיושעטער דערוויש פון שבט נטורי קרתא. ער פייערט און שילט און שיט פּעך און שוועבל אויף ישראל, אויף רעגירונג און פאָלק, און צווישן איין קללה און דער צווייטער שיקט ער ברכות צו אייזענ־האַוערן און „עצות״ צו דאָלעסן און איז מתפּלל פאַר טשערטשילס געזונט. דאָס וועט געוויס קיינעם נישט שאַטן — אַפילו טשערטשילן אויך נישט.

# אַמאָל ביים כותל מערבי

ערב יום־כיפור אין ירושלים. ציכטיקע שטילקייט שפּרייט זיך איבער די גאַסן ווי אַ ווייכער ימים־נוראימדיקער קיטל. די שטאָט שימערירט מיט דעם בלייכן האַרבסט־גאָלד, וואָס טריפט פון מידן הימל. היינט איז זי אינגאַנצן עיר הקודש. די וואָכעדיקייט גייט אין אַ זייט, שטופּט זיך נישט, מאַכט אַ וואַרע פאַר דער קדושה פון טאָג. די גאַס שרייט היינט אַביסל שטילער און דער טומל שלאָגט זיך אַליין איבער דעם רעש: „שאַ!"... פלעגט מען אין די פריערדיקע יאָרן אַ גאַנצן ערב יום־כיפּורדיקן טאָג גיין צום כותל. מען גייט פון סאַמע פרימאָרגן ביז צו די זילבערדיק־בלויע פּערלמוטער־שעהן פאַר כל־נדרי. קודם גייט יונגוואַרג פון שטאָט און דאָרף, פון קיבוצים און שולן, יונגוואַרג, וואָס גייט בכלל אַ סך אין ישראל. מאַכט זיך אַ יום־טוב אָדער אַזוי אַ פרייער טאָג, איז יונגוואַרג שטענדיק אין באַוועגונג: פאַרברוינטע פּנימער און שטויביקע שויבערס, שווערע שיך און געפּאַקטע טאָרבעס, צענויפגעלייגטע געצעלטן און פריילעכע לידער. חברה יונג־וואַרג שלינגט לאַנדשאַפט, קוקט אויס בערג און טאָלן, פעלדער און פּרדסים, טייכן און מדבריות מיט זשעדנע חושים, גלעט מיט די בליקן יעדן שטיין און יעדן בוים ביים וועג, ווייסט פון יעדער שמאָלער פאַרצייטיקער סטעזשקע ערגעץ אין אַ פאַרלאָזענעם „וואַדי", ווו עס קאָן זיך קוים דורכדראַפּען אַן אייזעלע, איז אויסגעבונדן מיט יעדן קוואַל, וואָס ריזלט צווישן פעלדזן, נעמט אַריין דאָס גאַנצע לאַנד אין האַרצן.

היינט וואַנדערט חברה יוגנט נישט „סתם אַזוי", נאָר מען גייט צום כותל־מערבי — אָבער דער עיקר גייערס זענען די „כותל־ייִדן". שאָרכען מיט ווייכע פרומע טריט טאַטעס מיט פּחדים און מחזורים און מיט די טאַטעס — קליינוואַרג און ווייבער אין קאָפּ־טיכלעך, ייִדן היימישע און עקזאָטישע, פרומע, וואָס גייען מתפּלל זיין, און פרייע, וואָס נאַשן ראָמאַנטיק און ווילן כאַפּן אַ מיסטישן ציטער ערב יום־הדין. די געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, דורך וועלכע מען גייט צום כותל־מערבי, פּלאָנטערן זיך, דרייען זיך אַריין אין טונקלע הויפן, געפּלאַסטערטע מיט ברייטע שטיינער, שלעפּן זיך אַרויס צעקרומטע און האָרבן זיך אונטער

פּרוכנע דעכער, איינפאָר־טויערן און שפּיציקע גאַניקלעך, וואָס קריכן איינס אויפס אַנדערע און טוליען זיך אין פּחד פאַרן יום־הדין.

ציט זיך צום כותל אַ פאַרביקער קאַראַוואַן פון ווייסן אַטלאַס, סאַמעט און בראָקאַט, גרויס־געבלימלטע רבנישע כאַלאַטן, קאַפּאָטעס און אָריענטאַלישע בור־נוסן, האָפערדיקע ספּאָדיקעס און סויבלענע שטריימלעך, וואָס פּאָכען מיט צע־בלאָזענע שפּיצן, קאַלפּאַקעס און געפלאָכטענע טורבאַנעס און טערקישע פעסקעס מיט טראָלדן און ברייטע פלאַטשיקע גאַליציאַנער סאַמעט־קאַפּעליושן ווי אי־בערגעקערטע גרויסע טעלערס. „גייען" ווייבערישע טענדעוועדנדעס פון שרה בת טובימס צייטן: ציטערשפּילקעס, פּאַטשערקעס, שטערנטיכלעך, הייבלעך און קופקעס, וואָס גלימצערן אין פאַרנאַכטיקער צעשטראַלטקייט אויף שווערע אָנ־געווייטיקטע קרבן־מנחה־סידורים מיט הילצערנע טאָוולען און מעשענע שלע־סער. בלאָזט זיך צווישן די „נשים" אַ צערודערטער, פאַרבלאַנדזשעטער טלית, אַ געלער און וואָלענער, מיט פריש אַריינגעניטע יום־טובדיקע לאַטעס — טראָגט דער טלית אַ מחזור צום דאַווענען און אַ ספרל „אַריינצוקוקן", אַ חוק'ל אויף „אָפּצודעכען" און אַ תהלימל צו „זאָגן": דאָס איז דער וועג צום כותל־מערבי, ערב יום־כיפּור פאַרנאַכט.

גאַנצע עדות ייִדן שטראָמען צום כותל: אשכנזים, ספרדים, תימנים, ברייטע בעל־בשרדיקע פּוילישע חסידים מיט בערד און פּאות צעוויקעטע פון מקווה, דאַרע שווייגנדיקע פּערסישע ייִדן, וואָס זעען אויס ווי פאַרטריקנטע אייל־ביימער, קרעפּטיקע גרוזינער און אורפאַלער און פראַנקפורטער „יוסטיצראַטן" מיט פּיצ־לעך יאַרמולקעלעך און זיידענע טלית־שאַליקלעך, פריידענקער, וואָס ווילן „אַ שמעק טון" און מקובלים, וואָס גייען „אַקעגן דער שכינה", און סתם בעלי־בתים און „עמך".

אַ ווינציקער אַלטיטשקער, ווייס און איינגעשרומפּן, די פּערזאָניפיצירטע אימה פאַרן יום־הדין, קריכט אין ווייכע טוכענע לאַטשן און קוויטשעט מיט אַ צע־שראָקן קולכל. ער האָט מורא, דער זיידע, מען זאָל אים דאָ נישט איבערלאָזן אַליין. אין דער שטופּעניש אויפן וועג האָט ער פאַרלוירן „זיינע" — צאַפּלט ער און פּלאַטערט: „ווו איז אַהינגעקומען „זי"? אויף זיין ראַזעווער גאָמבע ציטערט אַ פעדימל פלאַקס. אימיצער האָט זיך מרחם געווען און אים צוגעפירט צו „איר"; אַ ווייסע פּאַטשיילע מיט שפּאַקולן. מער איז נישטאָ.

אויף אַ בעטל טראָגן יונגעלייט צום כותל אַ קראַנקן חסיד. דער ייִד איז געל און קאָן מיט קיין אבר נישט רירן. זיינע אויגן סטאַרטשען גלעזערדיק און פון דער פאַרשטאַרטער ברוינער באָרד, וואָס זעט אויס ווי אַ קופּערנער טאַץ, שיטן זיך געשעפּטשעטע פּסוקים און רעשטלעך „זאָגעכץ", ווו ער האָט נאָך אָנ־געהויבן אינדערהיים.

ציט זיך דער וועג צום כותל־מערבי דורך דער אַלטער שטאָט, פאַרביי שטיבלעך הויקערדיקע, ייִדישע און אַראַבישע, וואָס ווילן שטיין און קאָנען נישט, שמעקן די געסלעך מיט זויערלעכער אָרעמקייט און עס טונקלען פאַרקרומטע שאָטנס. און אָט איז דער פּלאַץ פאַרן כותל. דאָ האָט געשטראַלט פאַרצייטנס דער בית־המקדש און עס האָבן געגלאַנצט גאָלדענע כלים, גרויסקייט און קדושה פון אַ פאָלק, אויף וועלכן עס האָט גערוט די שכינה. און געבליבן איז דער כותל־מערבי: שטומער מויער פון שווערע קוואַדראַטנע שטיינער, אָנגעלייגט איינס אויף איינס. די שטיינער זענען גלאַטיק געוואַשן פון ייִדישע טרערן. צענדליקער דורות האָבן דאָ געוויינט אויפן ייִדישן גורל און נאָך נישט אַלץ אויסגעוויינט. שטיקן זיך צעריסענע קולות און אַנדערע צעגיסן זיך אין די גרויסע יללות, וואָס רייסן זיך אַרויף־אַרויף, צו דעם זיידענעם יום־כיפור־פּרוכת פון בלויען אָוונט־הימל. אַ יונגע פרוי, דין און ציטערדיק, לאַשטשעט אַ שטיין מיט שמאָלע פינגער. די פרוי קלאָגט נישט מער. זי איז געבליבן איינע אַליין אויף דער וועלט, נאָך מיידאַנעק, אַליין, אָן טרייסט און אָן טרערן. אַלץ איז אויסגעטריקנט און פאַרוויסט. גלעט זי דעם שטיין פון כותל־מערבי און גראָבט־איין דאָס שמאָלע פּנים אין זיינע אוראַלטע שפּאַרעס.

אויפן גאַניקל פון שכנותדיקן מעטשעט גאָרגלט זיך, נודנע־געצויגן, דער מאַכמעדאַנישער חזן. אַ גרויער איזל רייסט זיך מיט רויע קולות. דאָס איז דער אַלטער איזל פון חומש. ער הירזשעט נאָך אַלץ זייט דעמאָלט: אַן עקשן, אַן אַלטער נאַר. אַן אַראַבישער „פּראַנטל“ מיט שפּיציקע וואָנסעלעך און שטעכיקע אייגעלעך, כולו ברילִיאַנטענע און גיפט, קומט אונדז אַנטקעגן. ער שמייכלט געפּגרט. זיינע בליקן הענגען אויפן מעטשעט און אויפן כותל און נעמען אַדורך מיט בייזע פייערלעך די טויזנטער ייִדן אויף די אָפּגעקילטע גלייכע שטיינער.

פּלוצים שטעלן זיך אָפּ די טריט. איינער אַ יונגערמאַן גליווערט אין סאַמע מיטן פון דער הייסער געדיכטעניש. דאָס שוואַרצע בערדל מיט די געקרייזלטע פּיאות אַרום דעם בלייכן פּנים נעמען אַרום די בלייכע ביינער פון פּנים ווי שטיקער קויל אַרום ווייסע שפּענער. דער יונגערמאַן קלעמט אויף אַן אָרט, ברענט און בייסט די ליפּן. ער האָט אַ לאַנגן חשבון ערב יום־הדין און ער וועט נישט שווייגן. דערוויל שווייגט ער מיט רוגזה. דאָס שטריימל פאַכעט מיט צעיאָגטע שפּיצן און דער קאָפּ דרייט זיך ווי אַ ראָד. דער יונגערמאַן „זאָגט“. ער רעדט מיט עמעצן, וואָס איז נישטאָ. ער ווייטיקט מיט אַלע אברים און קרומט דאָס מויל מיט תפילות. ער דאַוונט סאַרקאַסטיש: מ׳שטייענסגעזאָגט, וואָס ס׳איז געוואָרן פון אונדז ביידן, טאַטע הייליקער אין הימל...

אַ ייִד, אַ קיילעכדיקער, אַ פלינקער, אַ פריילעכער. ער לאַכט פון דער וועלט ערב יום־הדין. ער איז אַן אייניקל פון רבין ר׳ מאיר און דער גרעסטער מעל־

סוחר פון אַלט־ירושלים. נייַן, קיין פּחדים האָט ער נישט — אדרבא, ער האָט ב״ה הנאה. דער ייִד איז אַ בעל־תאווהניק פון מעשים־טובים — פּיעשטשעט ער זיך צום רבש״ע. ער ווייסט, מ׳האָט אים דאָרט ליב, אים און זיין ווייב און זיינע קינדערלעך, טאַקע נאָכאַמאָל אים, ר׳ מעכטשען — וועמען דען? גוייִם וועט מען ליב האָבן? וואָס זשע, מ׳איז דאָרט חלילה קיין מבין נישט?... מ׳ווייסט נישט?....

ער גייט מיט בני־בית צום כותל, זין און איידעמס און טעכטער און שנירן און אַ היפּש רעדל אייניקלעך מיט שווערע, טאָטערישע שטריימלעך אויף קונ־דייסישע פּנימלעך. דער ייִד וועט „נעמען" דאָס גוטע קוויטל, ער און זיין בני־בית. ער האָט הנאה פון תענית און האָט דערביי אַביסל צער פון דער עולם־הזהדיקער הנאה — קוויקט זיך מיטן צער ערב יום־הדין און אַביסל פאַרגינט ער זיך נישט דעם ווילטאָג פון מצוות: ער ציטערט פאַר עולם־הזה.

מיר זענען אַלע ביים כותל. דער אָוונט בלויט מיט פּערלמוטערנעם שימער אויף דעם ווייסן וואַלד פון טליתים און קיטלען. ציטערדיקע הענט שטרעקן זיך צו די שטומע שטיינער. דער עולם וואַרט, איינער פון די מקובלים פון ירושלים, אַ יונגערמאַן אַ „כלי", צעקלינגט זיך מיט אַ העלן, זילבערנעם קולכל, וואָס קרייזלט זיך אַרויף און גרייכט אַלץ העכער:

„...על דעת המקום... ועל דעת... בישיבה של מעלה..."

# ווײַנגערטנער אין די בערג

גרין־גאָלדענע ווײַנגערטנער אין די בערג, באַלד ביים אָנהייב פון כרמל. די לופט שמעקט מיט שאַרפן אַראָמאַט, וואָס דאַרף באַלד ווערן משקה, און פון אונטן בלישטשעט אַרויף דער ים, צעגאָסן מיט צעשמאָלצענעם זילבער, מיט פיאָלעט און פורפור און פערלמוטער — דאָס איז זכרון־יעקב, איינע פון די עלטסטע קאָלאָניעס אין ישראל. איז דאָך אַ ייִדיש דאָרף פאַר זיך אַליין אַן ענין, אַ דאָרף מיט שייערן און שטאַלן, מיט תבואה און גרינסן און טרויבן, מיט הויכע פלייציקע ייִדן און געפּאַקטע געבערג־מוידן, מיט שווערע אָנגעפּאַשעטע קי, וואָס פאַר־דעווען איבערן „פּלאַץ", פאַרביי דעם געמויערטן בית הכנסת, ווען זיי גייען פאַר־נאַכט אַהיים פון די פעלדער און צוגלעקלטער שטילקייט — האָט זכרון־יעקב נאָך דערצו גוזמאות „לאַנדשאַפט" מיט „נאַטור", מיט בערג און מיט וועלדלעך און מיט ראָמאַנטישע טעלער — סתם פון שיינקייט וועגן.

מיט העכער 70 יאָר צוריק זענען געקומען אַהער עטלעכע ייִדן פון רומעניע: איינער אַ משכיל פון יאַס, וואָס האָט געשריבן לירישע קאָרעספּאָנדענצן צום „בלאַט", אַ פּאָר באַלעבעסלעך פון באָטאָשאַן צי פון פּאַקשאַן, וואָס האָט אָנגע־ווירן די נדנס און האָבן זיך „געדרייט" אַרום חלומות, בעלי־מלאכות פון באַקאו און פּלאָיעשט און אַזוי ייִדן, וואָס האָבן עפּעס געהערט שמועסן וועגן „קאָלאָניעס" אין פּאַלעסטינע, געהערט און נישט פאַרשטאַנען, — און איינע אַ משפחה סוחרים פון וואַקאַרעשט, וואָס האָט געפירט דעם זיידן נפטר ווערן אין צפת און האָט אים מיטגעגעבן בערג מיט קישנס און סוכאַרעס און לייוונט אויף תכריכים. האָט זיך אָבער דער זיידע נישט געאײַלט, געלאָזט דערוויל אין צפת דעם אר״י הקדוש מיט די מקובלים, מיט די הייליקע שולן און קברים און שיינע מעשיות און האָט אויפגעבויט, איידער וואָס־ווען, אַ גרויסע דאָרפישע באַלעבאַטישקייט אין זכרון־יעקב. אַזאַ כוח האָבן זיי געהאַט, די זיידעס פון פאַרצייטנס, און אַזוי איז די קאָ־לאָניע אָוועקגעשטעלט געוואָרן, איידער באַראָן ראָטשילד האָט גענומען זכרון־יעקב אונטער זיין שוץ.

## מ. גראָס־ציממערמאַן

וואָס פלוצים האָבן זיך דעמאָלט רומענישע ייִדן געלאָזט קיין זכרון־יעקבֿ? אפשר האָט זיך גראָד געהאַט געיאָוועט אַהין איינער אַ משולח פון ירושלים, אויסגעסטראָיעט ווי אַ טערק, וואָס האָט נישט געהאַט אויף הוצאות צו פאָרן ווייטער, האָט ער זיך צערעדט אין שטעטלדיקן בית־מדרש, אויף תרגום־לשון מיט אויסטערלישן עברי־טײַטש, וועגן ציון, וואָס ווייַנט נאָך אירע קינדער. שטייען ייִדן פאַרגאַפטע, צווישן מנחה־מעריבֿ, און האָרכן זיך איַין אין די הייליקע בשורות. זיי האָבן געלאָזט אין דער היים די ווייבער און די וועטשערע, די געלע מאַמעליגע און דעם ווייסן זויערלעכן וויַין, און האָבן מיט הייסע פאַרבענקטע הערצער געשלונגען די טונקעלע פסוקים פון טערק מיטן געוויקלטן טורבאַן, וועגן די איילבירטן און פייגנביימער אין הייליקן לאַנד און וועגן די סטאַדעס שאָף, וואָס גליטשן זיך אַראָפּ פון באַרג גלעד.

האָט אין יענע יאָרן אַרומגעוואָגלט צווישן רומעניע, טערקיי, גאַליציע איינער אַ וועלט־אַפּיקורס, אַ שרייבער און אַ „זאַגער", פון די ערשטע פלאַם־פייערדיקע ציון־מגידים, ד"ר אליעזר רוקח. ער איז געווען, הייסט עס, עפּעס אַן אַנטלאָפן „אייניקל" פון בעלזער רבישן הויף, אַן אויסטערלישער פאַרשוין מיט אַ צילינדער און אַ געהאַקטער קאַפּאָטע אַ־לאַ מענדלסאָן און מיט אַ טאָפּלטער „קייזער באָרד", אַ־לאַ פראַנץ־יאָזעף, אַ שאַרפער למדן און אַ מסוכנער כופר, וואָס פלעגט פירן עפנטלעכע וויכוחים מיט וועלט־רבנים און להבדיל, גלחים; אַ חוקר, פול מיט רמב"ם און קאַנט און שלמה מיימון. דער דאָזיקער אַפּיקורסישער גייער און זאָגער פלעגט שיטן פעך און שוועבל אויף רביים און חסידים און האַלטן פייערדיקע דרשות, אַז ייִדן זאָלן זיך אומקערן צו דער נאַטור, זיך מפרנס זיַין מיגיע כפּם, פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט, ווערן ייִדישע פּויערים אין הייליקן לאַנד.

אפשר האָבן דעמאָלט רומענישע ייִדן, פּראָסטע האַרציקע פאָלקס־מענטשן, געהערט עפּעס וועגן משה מאָנטעפיאָרע, דעם ייִדישן פירשט, מיט דער ברייטער זיידענער יאַרמולקע, וואָס איז געשטאַנען פאַר מלכים און האָט פאַרגעלייגט דעם טערקישן סולטאַן אָפּצוקויפן ביי אים דאָס הייליקע לאַנד פאַר אַ פולער שטוב גאָלדענע רענדלעך באַזעצט דאָרט ייִדן. און אפשר איז צו זיי דערגאַנגען עפּעס וועגן דעם קריסטלעכן למד־וואָווניק, סער אליפאַנט, וואָס האָט זיך געוואָרפן צו די פיס פון מלכות און זיך משתדל געווען, אַז דער הייליקער ייִדישער גלאַנץ זאָל ווידער באַנייט ווערן אין בית־המקדש. עס איז געווען די צייט פון ראָמאַנ־טישע חלומות און משיח־וויזיעס און „קעניגלעכע פיס" אין די גלאַנצפולע רע־זידענצן פלעגן „לייטזעליק באַווילקן", אַז געהויבענע שתדלנים זאָל זיך „וואָרפן" פאַר זיי. עס איז אויך געווען די צייט פון ביטערער שנאת־ישראל אין באָיאַרישן רומעניע. האָבן זיך ייִדן אָוועקגעלאָזט, גיין קיין ארץ־ישראל.

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, מיט העכער 70 יאָר צוריק און זקנים איך

זכרון־יעקב טענהן: אַ סך פּריִער. זקנים האָבן אַלעמאָל אַ טבע, צו דינגען זיך מיט יאָרן, ווען עס קומט צו רייד וועגן פּאַרצייטנס. דאָס קאָן ביי זיי קיינמאָל נישט זיין געזונג „אַמאָל־אַמאָלדיק". דאָס לאַנד איז דעמאָלט געווען לײדיק און דער כרמל־באַרג אַרום און נאַקעטע שטיינער. נישט קיין שטוב, נישט קיין סימן פון אַ ייִד, אַמאָל אַן אייזל, אַ קעמל, אַ משפּחה בעדויִנער, שאַקאַלן ביינאַכט און בידנע באַנדיטן, וואָס האָבן נישט ווען איבערצופאַלן — און איבער דעם אַלע־מען עטלעכע שבטים, עפּענדיס און פּאַשאַס, וואָס האָבן פאַרהוליעט און פאַרשי־כורט דאָס אָרעמע לאַנד אין פּאַריז און קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

דעמאָלט זענען געקומען אַהער אויף דעם באַרג די ערשטע רומענישע ייִדן, דער באַרג הייסט היינט זכרון־יעקב. דריי איך זיך איצט אַרום צווישן די פּולע טונקעלע ווייגגערטנער, פון וועלכע עס לייכטן אַרויס קליינע ווייסע שטיבער. זכרון־יעקב איז אַ גרויס דאָרף, וואָס שניידט זיך ווערן אַ שטעטל און מער: שיינע אַספאַלטירטע גאַסן, פּאַרקן, ווילעס פון לאַנד־גבירים, וואָס האָבן טעכטער „מיט פּיאַנאָ", אַן אימפּאָזאַנטער בנין פון דער הסתדרות, אַ פיליאַלע פון דער מלוכהשער באַנק און דער גראַמער, אַביסל האַמעטנער דאָרפישער בית־הכנסת, וואָס באַראָן ראָטשילד האָט אויסגעבויט אויף זיין חשבון און ווהין ער איז גע־קומען צום חנוכת־הבית פון פּאַריז, זאָגן דעם ערשטן „מפטיר".

איך באַגעגן זיך מיט דעם עלטסטן ייִד פון זכרון־יעקב: „הונדערט אַוודאי" און מסתמא מער — ווער דאַרף עס וויסן? דער אַלטיטשקער, זאָגט מען, איז דער ערשטער ייִד, וואָס איז געקומען אַהער פון יאַס אין יענע יאָרן. ער איז באַלד אַרויף הויך אויפן באַרג, אָפּגערוקט פון חיפהער טראַקט — טומלט מען דאָ וויב־ציקער ווי אונטן און די דאגות, זאָגט ער, זענען אויבן אויך קלענער. קעלטערט מען האַרבסט די טרויבן און ווינטער האָט דאָס ווייב קינדער — וואָס ווייסט אַ ייִדענע: קומט ווינטער „האָט" זי. הייסט איינער שמעון־ברוך: קופּערנע באָרד און געקאָוועטע פּלייצעס און אַ קאַרק, אָנגעגאָסן מיט יונגן ווייַן. אַמאָליקע יאָרן, אַז מ'האָט באַדאַרפט, פּלעגט ער איינער אַליין שלאָגן אַראַבישע באַנדיטן, וויפל עס האָט זיך געמאַכט — און אַלץ שטום, אָן ווערטער און מיט די הוילע הענט: פיינט כלים. איז ער, הייסט עס, דער „בנאָק" — האָט ער פון זיין זייט אייניקלעך, וואָס אָט־אָט שניידן זיי זיך ווערן זיידעס „פאַר זיך". דאַרף איך שוין וועגן די אַנדערע „בנים" גאָרנישט זאָגן. דער אַלטער אָבער, איך מיין: דער ערשטער, איז דין און איינגעדריקנט ווי פּאַרקאָרטשעטער בוים, וואָס האָט שוין זיינס געטון, געגעבן און געגעבן — און מער איז ער נישט מחויב. דרייט זיך אַרום אַ ווייס ייִדעלע, אַ גאָר־נישט, צווישן שטאַרקע ווייַנשטאָקן, באַטאַפּט אַ צווייגל, שלעפּט ערגעץ אַ דרענגל, כאַטש מען דאַרף נישט, מעסט אויס דעם דאָרפישן הויף אין דער לענג און אין דער ברייט, דערקענט נישט די אוראייניקלעך, ווי עס פירט זיך, בורטשעט עפּעס

צום שוואַרצן בוהאי מיט דעם ווייסן של ראש, אויף אַזאַ מין תנכישן וואָלעכיש און שטעלט זיך אָפּ, אָן אַ פּאַרוואָס, ביי די שטאַלן פון די ברייטע, שווערע, גע־פלעקטע קי, וואָס געבן פולע קאַנען פּאַרעדיקע מילך, אַזוי ווי עס שטייט אין חומש.

און ווי קאָן איך אויסמיידן די גרויסע טונקעלע וויין־קעלערס, דעם „יקב״, וואָס דער באַראָן האָט אויסגעבויט? איך גיי אַראָפּ עטלעכע שטאָק טיף אונטער דער ערד און עס נעמט מיך אַרום אַ פייכטע, דומפּיקע זויערקייט, וואָס פאַרטשאַדעט מיט שיכרות, נאָך איידער מ׳האָט געזען אַ טראָפּן. דאָס איז אַן אונטער־ערדישע שטאָט, אָנגעשטאָפּט מיט ריזיקע הילצערנע פעסער און בעטאָן־ציס־טערנעס, ווי די הייזער, אָנגעגאָסן מיט כרמל־וויין, אדום עתיק, יין הוק, מעדאָק און אַנדערע האַרב־זיסע משקאות, וואָס מאַכן יום־טובדיק די ייִדישע טישן. נישט קיין חידוש נישט, וואָס עס האָט אַזוי געצויגן אַהער די רומענישע ייִדן מיט הע־כער זיבעציק יאָר צוריק, פון די קראָמען, פון דער שטעטלדיקער מרה שחורה: גרויסע עולם־הזהניקעס געווען.

# אין די חמי טבריה

אַלע מיינע ליבע זאָלן פאַרברענגען ווינטער אין די חמי טבריה — אַזוי, אויף נישט צו באַדאַרפן. וואָס אַרט אייך, אַז די נאַטור האַלט דאָרט סיי ווי אירע הייסע בלאָטעס און שוועבלדיקע קוואַלן, וואָס פאַרען אַלץ איינס מיט רפואה שלימהס — מען טשעפּעט אייך? נאַטור, ווייסט איר דאָך, האָט שטענדיק אירע „שטיקלעך" — לאָז זי! קום איך אַראָפּ פון די ירושלימער צעכליופּעטע ווינטער־רעגנס קיין טבריה, האָט מיך די זון מכבד געווען מיט וואַרעמער צעשטראַלטקייט, וואָס באַשפּיגלט מיט יונגן פרילינג־זילבער דעם ים כנרת אין סאַמע מיטן ווינטער פון לוח, און דער דירעקטאָר פון די חמי־טבריה איז מיך מכבד מיט אַ פאָרציע קאָכעדיקער אָריגינאַל־בלאָטע, אַזוי־צו־זאָגן, אויף מבינות — עלעהיי טעאַטער־דירעקטאָרן פאַרבעטן אַ רעצענזענט אויף אַ פּרעמיערע. די פּרעמיערע איז, אמת, געווען שוין גאָר לאַנג צוריק. ווער קאָן געדענקען? דאָ, שמועסט מען, האָבן זיך געדרייט פאַרצייטנס תנאים, צדיקים, מקובלים, געזאָגט תורה און געהיילט די אַלטע קריזשעס: אפשר ר' יהודה הנשיא אַליין, דער ראש פון סנהדרין, וואָס איז געזעסן אין טבריה, און מסתמא ר' יוחנן מיט זיין ראָמאַנטישן שוואָגער ריש לקיש און ר' מאיר בעל הנס און ר' שמעון בר יוחאי און אוודאי דאָס טבריהער פּאָרל רב אמי און רב אסי, וואָס אין דער גמרא גייען זיי כמעט שטענדיק אינאיינעם, האָבן ביידע בשותפות איין סברא, וואָס איז ערשט צום סוף נישט קיין גרויסע נפקא־מינה. זיי זענען, ווייזט אויס, נישט געווען קיין גרויסע צעלייגערס אין פּלפּול: אַזוי זיך תנאים אויף אָפּצורוען, אַ שטייגער ווי שמעיה און אבטליון פון זומערדיקן פּרק, ביי וועלכע דער איינגעדרימלטער רבי פּלעגט זיך פון שלאָף הייסן דערלאַנגען אַ קאַלטן טרונק.

נאָר וואָס בין איך מחוייב ברענגען הסכמות אויף טבריה פון פאַרצייטיקע תנאים! אָט וויקן זיך דאָ איצט הונדערטער ייִדן פון ישראל און פון גאָר דער וועלט אין באַסיינען, מקוואות, וואַנעס, קרעכצן מיט קוויקעניש אין דער צעפּאַרעטער בלאָטע, אויקן אויף אַלערליי לשונות און אַלץ אויף ייִדיש: ייִדן מיט היימישלעך צעבראָכענע ביינער און מיט אַלע געשמאַקע שטעכענישן אין פּלייצע,

פונקט ווי פאַרצייטנס ביי אונדזערע טאַטעס, ביי די פעטערס, די צעפּיעשטשעטע גבירים, און ביי די מלמדים, וואָס האָבן זיך אַזש נישט געקאָנט איינבייגן, אַ קניפּ צו טון אַ יינגל, און וואָס פלעגן אַלע אינאיינעם אַ גאַנצן ווינטער, אין קלויז און אין מרחץ, זיך גרויסן יעדער מיט זיין מיחוש און מבטל מאַכן איינער דעם אַנדערנס קרענק: מנע, ס׳איז נאַריש!

קרעכצט אין כאַר אַ רעדל יידן: אַ פּולער באַסיק; איינער מיט אַ דריבנע בערדעלע און אַ פאַרפאַרעטער גילדענער פענסנע זיפצט מיט אַ היפּשן טעקסט, וואָס ענדיקט זיך שטענדיק מיט דעם איגענעם רעפריין: „איי וויל... און איי ווי...״ און דאַכט זיך: „אַ מחיה״ אויך... און ווי האָט מען קיין רחמנות נישט אויף זיין לעבן... ער האָט דאָס עקסטרא געבראַכט אַהער פון אַמסטערדאַם צו פון אַנטווערפּן. דער ייד איז פון „דאָרט״, האָט ער ברילִיאַנטן און צעבראָכענע קרישעס. ער קאָן זיך נעבעך פאַרגינען. ער האָט רחמנות אויף זיך מיט זיינע מיחושו, קאָן זיך נישט איינהאַלטן און „זאָגן״ מיט אַ ניגון: „אוי, וויל און אוי ווי...״ פון „זאָגן״ ווערט אים לייכטער.

אַן אַנדערער ייד, אַ פאַרנומענער מענטש, האָט קיין צייט נישט, צו פּיעשטשען זיך, קרעכצט ער קורץ און זאַכלעך: „אוי!״ — געענדיקט. אויף מער סטאַיעט נישט. שלעפּט זיך אַ יונגער בחור אויף צוויי שטעקנס. אין „יענע יאָרן״ פלעגט דער בחור נאַכט פאַר נאַכט בראַדזיען ביי די ברעגעס פון ים און אַראָפּטראָגן אויף די פּליייצעס יידן, אַנגעקומענע מיט די חושכדיקע טאַראַדייקעס פון אונדזער „אומלעגאַלן״ טרויער־פּלאַט. פּילט איצט דער בחור יידישע מסירת־נפש אין די צעלעכצטע ביינער. אונטער אַ קופּע פעסער הייסער בלאָטע סאָפּעט אַ ייד פון אַמעריקע. ער קרעכצט האָפּערדיק, גביריש, ווי מיט אַ מעגאַפאָן: ער מעגאַפּאָנפּעט אין די נאָטן פון די פאַרייניקטע שטאַטן און ער איז דאָ אין טבריה דער ערשטער פאַר־קרעכצער. די אמתע הנאה פון מרחץ־קרעכץ האָט ער מסתמא מיטגעבראַכט נאָך ערגעץ פון באַרדיטשעוו צו פון דראָהאָביטש — אין אַמעריקע האָט ער צוגעלערנט דעם ברייטן שטעל, לאָמיר זאָגן: דעם ברייטן ליג. ער קומט קיין טבריה שוין דעם פערטן ווינטער, פראַוועט אָפּ זיינע דריי־פיר וואָכן, פאָרט אַהיים קיין ברוקלין צו קיין פּיטסבורג, מאַכט ביזנעס, ווערט קראַנק און קומט ווידער. דאָס מאָל האָט ער מיטגעבראַכט קיין טבריה זיינעם אַ פריינט, וואָס דאַרף אויך אַ רפואה — איז אָבער יענער נעבעך אַ גוי, אַ שטיקל פאַרטאַטש צווישן געניטע יידישע קרעכצערס. ער כאַפּט נישט דאָס פּאַרטל: פון וואַנען זאָל ער עס קענען? ליגט דער גוי אין באַסיין נעבן זיין יידישן שכן, זיפצט מיט גבורהדיקע כוחות — אָבער ס׳איז נישט דאָס. ס׳איז נישט די בלאָטע און נישט די הנאה. זיין רפואה שלימה איז היפּש פּראָבלעמאַטיש.

מילא! נאָר אפשר בין איך שולדיק אַביסל טבריהער לאַנדשאַפט. אַלץ איז דאָ

ווי אויף אַ געמאָלענעם פּאָסט־קאַרטל, סאַמע זיסע פאַרבן: האָניק און הימלבלוי, איילבירט־וועלדלעך, גרין־זילבערדיק, און בערגלעך מילדע, איך וואָלט געזאָגט, ווייכע, און ווידער בערג. שאַרפקאַנטיקע, אָפּגעריסענע, אָנגעוואָרפן ברוגז איינס אויף איינס, גלייך די נאַטור האָט זיך דאָ אַמאָל געקריגט מיט עמעצן — גיי ווייס, מיט וועמען — האָט מען זיך באַוואָרפן איינער דעם אַנדערן מיט שטיקער פעלדזן. אָבער די דאָזיקן ברוגזע בערג זענען דאָ, אַרום טבריה, אין דער מינאָריטעט און אויף לאַנג קאָן מען ביים אידילישן כנרת נישט פראַוּוען קיין רוגזה. ער אַליין, דער ים־כנרת, חנדלט זיך ווי צעשמאָלצענער פּערלמוטער, שימערירט בלוילעך, גרינלעך, מיט קופּער־גאָלד און רויטן סאַמעט — ווי דער הימל שפּילט אים צו.

אונטן, ביים ברעג, פאַרריכטן די פישערס די לאָדקעס, טריקענען און פאַר־לאַטען די שאַטקעס און שרייען אַריבער מיט הייזעריקלעכע קולות פון איין שענקל צום אַנדערן. איינער אַן אַלטער, אַ הויכער, אַ דאַרער, אין ברייטע פלודערן, מיט אַ געפלאָכטענעם טורבאַן, האָט צו טון מיט שטריק און מיט אַ טשאַטע צעבו־שעוועטע אייניקלעך, וואָס יאָגן זיך און כאַפּן זיך און גליטשן זיך ווידער אַרויס איינער פון אַנדערן, ווי די גליטשיקע פיש, וואָס שפּילן זיך אין וואַסער ביים קרישטאָלענעם ברעג. ווער ווייסט, ווי לאַנג דער אַלטער זיצט שוין דאָ אַ שטיי־גער ביים כנרת, צווישן די נידעריקע, איינגעהויקערטע בלוי־געקאַלכטע שטיי־נערנע שטיבלעך. ער זעט אויס, דער אַלטער, ווי דער געמאָלענער רמב״ם אָדער יהודה הלוי און זיין לשון־קודש קלינגט ווי נאָר־וואָס אַרויס פון כוזרי.

חברה טוריסטן דרייען זיך זשעדנע אַרום דעם „מאָלערישן״ זקן — און יענער גאָרנישט. איינער אַ „גוד באַי״ מיט אַ בייכל און מיט נאַקעטע מאַטראָזן־מיידלעך אויף זיין פאַרביקן קאַמזויל, וויל דווקא אַראָפּכאַפּן אַ „פיקטשער״ פון דעם „פּאַטריאַרך״. ער קאָן נישט אַהיימקומען אָן אַ פּאַטריאַרך פון טבריה. דערצו זיצט נאָך יענער ביים ברעג ווי אָנגעגרייט פאַר זיינעטוועגן, אָנגעטון אין ביל־דערישע לאָכעס ווי אין אַ ראָמאַנטישער אָפּערע, אַ זקן מיט אַ ווייסער סולטאַני־שער באָרד, מיט אַ לאַנגער נאַרגילע און מסתמא מיט חכמה אויך. ער וואָלט שטאַרק געוואָלט, דער „גוד באַי״, אַז דער פּאַטריאַרך ביים ברעג פון כנרת זאָל זיין אַ מקובל, אַ „געהיימניספולער מאַן״, מיט אַ „שפּרוך״, וואָס באַהאַלט טונקעלע סודות. אַמעריקאַנער טוריסטן זענען ראַפינירטע פיינשמעקערס און פילן זיך עפּעס ווי אָפּגענאַרט אָן ראָמאַנטישן הינטערגרונט „אַרום און אַרום״, און אָן דעם אַלטנס „קבלה״, דאַכט זיך, פילט דער „גוד באַי״ קיין ייִדישן טעם נישט אין זיין איי־גענעם רעוומאַטיזם. אַזאַ מהלך... אַזויפיל הוצאות... דער אַלטער אָבער — גאָר־נישט. ער זיצט אויף אַ נידעריק בענקעלע, רויכערט די נאַרגילע, פלעכט די שטריק און לאַטעט די שאַטקע און הילט זיך איין מיט שטיקער הימל און ווייכע שפּיגלען ליכט, וואָס שטראַלן אַרויס פון כנרת — פאַר אים איז גענוג.

# לוי אשכולס ווירטשאַפט־פּלאַן

„ווירטשאַפט־פּלאַן" — שלעכט! אַלעמאָל, ווען קלוגע ייִדן דערהערן אַזאַ מין לאָזונג, כאַפּט מען פּליינק און מען שטויסט זיך אָן: מ'וועט זיך שוין מוזן אונטערגאַרטלען. עס טרעפט דאָך זעלטן, אַז אַ רעגירונג זאָל אַמאָל צונויפרופן דעם פּאַרלאַמענט און פאָרלייגן אַ ווירטשאַפט־פּלאַן אַזוי־צו־זאָגן פון ווילטאָג: ווער דאַרף „פּלאַנירן" די שפע!

האָט דאָ נישט לאַנג פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול אַנטוויקלט אין דער כנסת זיין נייעם ווירטשאַפט־פּלאַן. אין תוך איז דאָס אַ נייער שטאַפּל פון דעם אַלטן פּלאַן, וואָס זיין ציל איז: ווירטשאַפטלעכע אומאָפּהענגיקייט. לצוועען די ווערטלזאָגערס; אשכול איז דער מיניסטער פון ישראל פינאַנץ־דאגות. קרימט זיך די אָפּאָזיציע: אַ ייִד אַן עקשן, וואָס „לאָזט זיך נישט דינען" — און די געשווירענע וויינערס פון אַלע פּאַרטייען קלאָגן אין כאָר, מיט אויסטערלישער האַרמאָניע: „מען רייסט די הויט". מילא, פינאַנץ־מיניסטאָרן פּרעטענדירן נישט אויף אַלגעמיינער באַליבטקייט: זי איז רעזערווירט פאַר טענאָרן.

לוי אשכול איז אַ מענטש פון פעלד, נישט פון „גרינעם טיש" און נישט פון קיין קאַטעדרע. זיין ווירטשאַפט־אַקאַדעמיע איז געווען דגניה, ווו מען האָט זיך געמאַטערט מיט זומפּן. דאָרטן האָט ער געלערנט זען דאָס גאַנצע לאַנד ווי אַ שטיק ערד, וואָס מוז צעאַקערט ווערן. פון דאָרט האָט ער מיטגעבראַכט כוח און בטחון און דעם אַלטן „פּאָרטל" פון ציוניסטישער פאַרווירקלעכונג: מעגלעך מאַכן דאָס אוממעגלעכע. ער האָט איבערגענומען אַ שווערע ירושה פון אליעזר קאַפּלאַן: מאַסן־עליה, צו וועלכער דאָס לאַנד איז נישט געווען צוגעגרייט. די נייע עולים האָבן נאָר קאָנסומירט און כמעט גאָרנישט פּראָדוצירט און מיר אַלע אינאיינעם האָבן געגעסן אין אייגענעם לאַנד פרעמד ברויט, פאַר וועלכן מיר האָבן באַצאָלט טייערע דאָלאַרן, וואָס מיר האָבן נישט פאַרמאָגט. די סכנה פון אינפלאַציע און די עקאָנאָמישע אומזיכערקייט האָבן פאַרטיפט די נערוועזע אומרויִקייט, וואָס איז געקומען פון שפּאַנונג אויף די גרענעצן. שטייען פון וויטנס חכמהוואָטע ציניקער און מאַכן וויצן צו די צרות פון דער יונגער מדינה.

היינט זענען מיר פון די גרויסע צרות אַרויס און טריט ביי טריט באַפרייט זיך דאָס לאַנד פון זיינע נאַטירלעכע עקאָנאָמישע קינדער־קראַנקייטן. אין סאַמע מיטן מאַטעריניש האָבן זיך די נייע עולים פּאַמעלעך אויסגעלערנט אַרבעטן און לעבן זוי פּראָדוקטיווע מענטשן — די זעלבע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַ גאַנץ לעבן גע־וואַלגערט ווי לעבנס־אָפּפאַל אויף די מיסטן פון דער וועלט. היינט זענען די אַמאָליקע לומפּן־פּראָלעטאַריער איינגעאָרדנט אין מענטשלעכע דירות, עסן אייגן ברויט, דערציִען זייערע קינדער און הייבן אָן שאַפן ווערטן אויך אויף עקספּאָרט. אויך דאָס איז אַ נס פון ישראל. די נערוועזע אומרויִקייט האָט זיך געענדיקט. דער נייער עולה ווערט פּאַמעלעך אַ זעלבסטבאַוווסטער בירגער פון לאַנד. די מלוכהשע באַלעבאַטישקייט קאָנסאָלידירט זיך. דער ישראלדיקער פונט איז שוין היינט אַ מטבע אויך אין ציריך און אין ניו־יאָרק. עס וואַקסט דאָס אויסלענדישע אינוועסטיציע־קאַפּיטאַל און ישראלס אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט דעראָבערן אַלעמאָל נייע מאַרקפּלעצער אויף דער וועלט.

דאָס אַלץ דערציילט לוי אשכול אין זיין עקספּאָזע וועגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. ער דערציילט וועגן טעכנישן פּראָגרעס פון אונדזער נאַציאָנאַלער אַרבעט, וועגן וואַקסנדיקן וועלט־צוטרוי צו אונדזער עקאָנאָמיק, וועגן דער העכערונג פון לעבנס־ניוואָ אין ישראל. ער רעדט גיך, מיט גערדיכטע, כּאַפּעדיקע זאַצן, וואָס קנוילן זיך אַמאָל און האָבן קיין צייט נישט, ווייל זיי מוזן אַריינפּאַקן אַלץ: פּראָיעקטן, אויפטועו דאגות. ער איז פאַרבאַריקאַדירט מיט פּראָבלעמען — אָבער ער מאַכט אַמאָל פּלאַץ אַ רגע פאַר פאָלקסיטמלעכער פּיקחות, פאַר אַ תּלמיד־חכמדיקן ווערטל און אַלעמאָל אַרבעט זיין קאָפּ מיט האַרץ.

אַ סך געדענקען די ערשטע טריט פון ציוניזם אין ארץ־ישראל און די האַרבע לעבנס־תּורה פון איינבּרעכן מיכשולים ליגט נאָך אַלעמען אין די ביינער און אין די נשמות. אָט נישט לאַנג נאָך אַ הייפעלע „ציוניסטלעך“ מיט קאָקאַרדעס און פּושקעס און קערות פון ערב יום־כּיפּור: לייטיש געשעפּט! „פּאַלעסטינע“ איז ליידיק, פול מיט שאַקאַלן, באַנדיטן, מגפות — און דאָס יידישע פאָלק איז ווייט און קוקט מיט באַלעבאַטישן ביטול אויף די „גאַרנישטן“, וואָס וויל קיין לייט נישט זיין און מוזן דווקא זיין „קליגער פון די טאַטעס“. טיילט זיך דער באַלעבאַטישער ביטול כמעט גלייך אויף גלייך צווישן געהויבענע כלי־קודש און לינקע באַריקאַדיסטן — אַלע שמייכלען „מיט דערפאַלג“ פון די האָפנונגלאָזע ציון־ראָמאַנטיקער און אידעאַליסטישע עקשנים.

דאָס איז געווען דער אָנהייב אין יענע יאָרן. קיין ווירטשאַפט־פּלאַן איז דעמאָלט נישט געווען און קיין ווירטשאַפט אַוודאי נישט. אָרום און אַרום עטלעכע בלאַסע אָנהייבן און אָרעמלעכע עקספּערימענטן פון קליינע אינטימע גרופּעס

ייִדישע יונגעלייט, וואָס זענען אַרויס אין אָפענעם לייִדנשאַפטלעכן קאַמף מיטן ייִדישן גורל. זיי האָבן זיך געשטאַרקט אין געראַנגל און פון זיי איז אויסגעוואַקסן מדינת־ישראל. אָט דער אומפאַרגעסלעכער חשבון פון אונדזער נאַציאָנאַלן גרונט־קאַפּיטאַל — דער ייִדישער מענטש אין ישראל — גייט אויך אַריין אין דעם ווירטשאַפט־פּלאַן, וועלכן עס האָט אַנטוויקלט לוי אשכול. עס גייט נישט בלויז וועגן ציפערן, נאָר קודם־כל וועגן דעם לעבעדיקן גייסט, וואָס לייכט אַרויס פון זיי. קאָן זיין, אַז ס'איז אַ העזה פון אַ יונגער קליינער מדינה, צו וועלן זיין באַלד אין די ערשטע יאָרן ווירטשאַפטלעך אומאָפּהענגיק — זענען מיר צו העזות אויך שוין צוגעוווינט. געוועזן אַ העזה, צו גרינדן אַ ייִדישע מלוכה אָן כוח, אַ העזה צו האַלטן מלחמה קעגן אַ וועלט מיט שונאים, אַ העזה פון ייִדן צו וועלן באַזיגן גויים און אפשר בכלל אָן אייביקע העזה פון ייִדישע עקשנים, צו וועלן דווקא לעבן אויף דער וועלט, נאָך אַזויפיל טויזנטער יאָרן געשיכטע — וויפל איז דער שיעור?

מיר אין ישראל זענען ווייט פון הורא־פּאַטריאָטיזם און לוי אשכול איז נישט איבערגעאיילט מיט צוזאָגענישן. לויט זיין איבערצייגונג דערנענטערט זיך דאָס לאַנד פּאַמעלעך צו גלייכגעוויכט און עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיקייט. דאָס איז אויך די מיינונג פון נישט־ייִדישע אויסלענדישע אָבסערוואַטאָרן, וואָס שטרייכן אונטער דעם איניציאַטיוו און דעם בוי־טעמפּאָ אין ישראל. אויך די סאָלידאַרי־טעט־באַווייזן פון וועלט־ייִדנטום ווערן אַלץ ממשותדיקער און נעמען אָן די פאָרעם פון ערנסטער ווירטשאַפטלעכער קאָאָפּעראַציע מיט ישראל. מען פילט אין לאַנד דעם דערוואַכנדיקן ברידערלעכן כוח פון וועלט־ייִדנטום. אחדות געהערט צום פּאָטענציאַל פון ישראל און פון גאַנצן ייִדישן פאָלק און עקאָנאָמישע אומאָפּהענ־גיקייט פון אונדזער לאַנד איז אַ גרונט־גאַראַנטיע פאַר זיין זיכערקייט קעגן שונאים, וואָס טשאַטעווען אויף ישראלס גרענעצן.

קאָן זיין, אַז מיר אין ישראל זענען בדרך־כלל נוטה צו אָפּטימיזם און גלויבן אין דער צוקונפט איז אַלעמאָל אונדזער טעגלעך ברויט. אַלע פילן: דאָס לאַנד קומט צו זיך און גרייט זיך צו בעסערע צייטן. איך ווייס נישט, ווען זיי וועלן קומען — שאַפערישע אומגעדולדיקייט געהערט צו לעבנס־סטיל פון ציוניזם — אָבער פון נערוואָזיטעט האַלטן מיר נישט. נערוועז און פאַרביטערט זענען נאָר יענע, וואָס שטייען פון ווייטנס און לייגן נישט צו קיין האַנט צו דער דערפילונג פון דעם וווּנדער: ישראל. מיר אָבער שטייען אויף דער וואַך און אַרבעטן שווער און עס וואַקסן אויס כוחות אין ישראל, פון יענע כוחות, וואָס האָבן זיך אַמאָל געפילט באַרופן, רייך און שטאַרק צו מאַכן אַ וועלט מיט פרעמדע לענדער. די דאָזיקע כוחות זענען איצט אַהיימגעקומען צו זיך און האָבן אַנטפּלעקט ישראל. פריִער אָדער שפּעטער וועט אויך די וועלט־פּאָליטישע עפנטלעכקייט דערקענען דעם ווערט פון ישראל ווי אַ פאַקטאָר פון שלום און סטאַביליטעט אין נאָענטן מזרח.

# חיים ווייצמאַן

געוואַנדערט די טעג אין די בערג פון ירושלים. אַ סך פון זיי זענען נאָך אַלץ גרוי און פאַרכמורעט, ווי זיי זענען געווינט געווען אין די יאָרטויזנטער פון זייער פאַרגעסנקייט, ווען קיינער האָט זייער שטיינערנע רו נישט געשטערט. דאָס איז געווען אַ פאַרגליווערטע אידיליע: פעלזן צווישן זיך. וואַקסט איינער אַרויס פון אַנדערן, אַריין אין אַנדערן, דראַפּעט זיך אויף יענעמס קאַרק, צעלייגט זיך דאָרט אויבן און קלעטערט נאָך העכער, פלעכט זיך אויף יענעמס קאָפּ — אויסטערליש־ווילדער קינדערשפּיל פון פעלזן, וואָס די נאַטור האָט זיי געלאָזן אַליין, אָן אַ טאָלק, אין סאַמע מיטן פון דער וועלט: פאַרשטיינערטע ריזן, גרוי אין גרוי.

איצט קוויקט זיך דאָס אויג מיט צאַרטן, ציטעריקן גרינס פון פאַרפלאַנצטע וועלדלעך, וואָס לערנען זיך וואַקסן אויף שטיינער: נאָך נישט, אָבער באַלד. אָט איז דער ערשטער אָנהייב פון סעדער און צעאַקערטע פעלדער, צווישן וועלכע עס וואַקסן יונגע דערפלעך, וואָס טוליען זיך אונטער רויטע, פריינטלעכע דעכלעך. גייט אַרויס אַ ייִד מיט זיין אַקער, קוקט צום ווייטן האָריזאָנט, ווו עס באַגעגנט זיך נאָך אַלץ דער הימל מיט דער ערד, פונקט ווי זיי האָבן דאָס געטון אין בלויען פאַר־צייטנס, ווען דער ערשטער מענטש האָט פון דאַנען אַרויסגעבענקט צום ווייטן האָרי־זאָנט און געעפנט מיט זיין אַקער די פייכטע וואַרימקייט פון די בייטן.

איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אַ רגע ביי די יונגע בויגעוודיקע ביימלעך, פון וועלכע עס דאַרף אויסוואַקסן דער „יער הנשיא”, דער פרעזידענטן־וואַלד, וועלכן דער קרן קימת האָט נישט־לאַנג אָנגעהויבן פאַרפלאַנצן לכבוד דעם ערשטן פרעזי־דענט פון מדינת ישראל, פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן. איך האָב געזען די יונגע צווייג־לעך, אויף וועלכע עס שפּילן זיך טראָפּנס טוי אין דער זון — און אין דעם לוי־טערן פרימאָרגנדיקן ליכט האָט מיר אַנטקעגנגעשיינט די געשטאַלט פון „אונדזער גרויסן אַלטן מאַן”, וואָס האָט זיין געבענטשט לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער פאַריונגע־רונג פון אַלטן ייִדישן פאָלק.

אָט איז ער אין זיין פּאַלאַץ אין רחובות: פאָלקסטימלעכער אַדלמאַן אין אַ געמיטלעכער ייִדישער שטוב. דאָס איז אַ שטוב, וואָס האַלט ווינציק פון אָפיציעלע

אָנשטעלן. אָפּגעפּראָוועט פּרעזידענטישקייט, לויט די כללים פון דיפּלאָמאַטישן פּראָטאָקאָל, איז זיך דער פּאַלאַץ מחיה מיט אַ היימיש ייִדיש וואָרט און אַמאָל מיט אַ ווערטל, וואָס טוט אַ וואַרימען שמייכל, ווי אַמאָל אין מאָטעלע, ביי פּינסק, צווישן רוסישע שנייען און חלומות פון נביאים ראשונים, צווישן די קלוגע פּעטערס, וואָס שמעקן מיט וואַלד און מיט „שאַך" און מיט הרחבהדיקן סאַמאָוואַר און מיט דער אַלטער, אומצעשטערבאַרער ייִדישער לעבנס־קלוגשאַפט, אָנגעזאַמלט אין לאַנגע דורות פון אומעט און אמונה.

אָט די אינערלעכע לאַנדשאַפט האָט חיים ווייצמאַן זיין גאַנץ לעבן געטראָגן אין זיך. ער האָט זי מיטגענומען פון די פּינסקער בלאָטעס קיין לאָנדאָן און זשענעווע, קיין פּאַריז און ניו יאָרק און פון דאָרט — קיין ישראל. ער איז געבליבן אויף אייביק צוגעבונדן צום פאָלקס־מענטש: אַ וועלט־אינטעלעקט מיט אַ היימישן אונ־טערשלאַק פון שכל הישר, וואָס לאָזט זיך נישט נאַרן פון גלאַנץ, פון קאָנווענציאָ־נעלע פראַזן, נאָר זוכט אין אַלץ דעם תמצית און דעם אמת.

אַזוי האָט געלעבט דער ערשטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל: פּשטות און גדולה. ער איז געווען „דער פּרעזידענט", נאָך איידער ס'איז געווען די ייִדישע מדינה: פּרעזידענט אונטערוועגס. ער האָט געוואָגלט אינײנעם מיט אונדזער כבוד און אונדזער פרייהייט, וואָס האָבן אָפּגעריכט גלות אין אַ קאַלטער וועלט. אַ סך יאָרן האָבן מיר געזען חיים ווייצמאַן אויף דער וואַנדערשאַפט איבער דער „מדינה", איבער דער וועלט און געהערט אים קלאַפּן אין די טירן און אין די הערצער. גע־הערט זיין שטילן איינדרינגלעכן, הייזעריקלעכן קול, געפילט זיין שווערן גראַנגל מיט דער צינישער אויבער־חכמה פון גלות, מיט ייִדישן „מהיכא תיתא" און מיט דער נאָרמאַלער געדאַנקען־פוילקייט, געפילט זיין פאַרצווייפלטן גראַנגל מיט אַ וועלט פון שונאים און אַזויגערופענע גוטע פריינט — די אינטערנאַציאָנאַלע „וצדקתך'ס".

אָט דער לאַנגער קאַמף אויף צווי פראָנטן, מיט ייִדן און מיט דער וועלט, האָט אָנגעפילט און דורכגעווייטיקט ווייצמאַנס לעבן. אפשר מעג מען שוין היינט מאַכן אַ שטיקל אויבנאויפיקן חשבון פון דעם דאָזיקן גרויסן לעבן. דאָס איז דער חשבון פון אַ וווּנדערלעך שטיק ייִדישע וועלט־געשיכטע: חלומות פון דורות, פּיק, אמונה, שפלות און אינערלעכע גדלות. טויזנט מאָל געפאַלן און אַלעמאָל פונדאָסניי זיך אויפגעהויבן. דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעקנוילט אין אונדזער דראַמאַטישער תקופה, באַשטימט איר גורל און דעם וועג פון איר פירער. יעדער אמתער פירער איז אַ טראַגישע פּערזענלעכקייט און אוודאי און אוודאי דער פירער פון אַ פאָלק, וואָס איז אַמאָל אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין דאָס אומגליקלעכסטע אויף דער ערד.

איך געדענק חיים ווייצמאַן פון עלפטן ציוניסטן־קאָנגרעס אין יאָר 1913 אין ווין. דעמאָלט האָב איך אים צום ערשטן מאָל געזען: אַ שלאַנקער, בלייכער יונגער־

מאַן מיט אַ שפּיציק־פֿאַרשוירן, שוואַרץ בערדל, דער עמבלעם פֿון אַ רוסיש־ייִדישן אינטעלעקטואַל פֿון יענער צייט — און אונטער דעם הויכן שטערן — צווייִ מעלאַנכאָליש־קלוגע אויגן. דאָס זענען געווען די ערשטע יאָרן נאָך הערצלס טויט. די באַוועגונג פֿאַריתומט: סעקרעטאַרן, דירעקטאָרן, אָבער אָן אַ פֿירער. דעמאָלט האָט זיך חיים ווייצמאַן געשטעלט בראָש פֿון דער דעמאָקראַטישער פֿראַקציע, כדי צו פֿאַראינגערן דעם ציוניזם און אים צוריקצוגעבן זיין נאַציאָנאַלן פּאַטאָס.

און עס דערמאָנט זיך מיר חיים ווייצמאַן פֿון די קאָנגרעסן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה: קאַרלסבאַד, ווין, באַזעל, ציריך. אָט זענען די טראַדיציאָנעלע שטור־רעמדיקע נאַכט־זיצונגען: פֿראַקציעס, דעפֿיציט, קאַמף־אָפּשטימונג צווישן אידייען און בוכהאַלטערס. ווייצמאַן פֿאַרלאָזט דעם קאָנגרעס, גייט „אין די בערג". די קולואַרן רודערן מיט „קריזיס". פֿון דער סטעליע קאַפּען אַנגעגליטע ווייסע ליכט־טראָפּנס אויף מידע ליסינעס. עס שויבערן זיך די שוואַרצע בערד פֿון די „בונ־טאַרן" און אין פֿאַרשלאָסענע קאָנפֿערענץ־שטיבלעך אַמטירן דערווייל די חכמים פֿון קאָנגרעס. פּלוצים קלאַפּט דער האַמער אויף דער מידער טריבונע: די זיצונג ווערט באַנייט. ווייצמאַן קומט. די אָפּאָזיציע שווייגט, פֿריקרע און צופֿרידן. די שפּאַנונג, וואָס וועט זיך איבערחזרן אויך אויפֿן קומענדיקן קאָנגרעס און אויף אַלע שפּעטער־דיקע, איז דערווייל גרינגער געוואָרן. דער קאָנגרעס האָט צוריקגעפֿונען דעם וועג צו זיך אַליין.

געוועזן מאָמענטן, ווען ווייצמאַן האָט זיך, אַ טיף־פֿאַרמאַטערטער, אַנטוישטער, אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און געוואַרט, ביז זיין שעה וועט ווידער קומען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון פֿירערשאַפֿט און געדינט דער באַוועגונג ווי אַ גרויסער פּשוטער סאָלדאַט. דאָס דאַרף מען קענען — און ווייצמאַן האָט געוווּסט דעם סוד פֿון שטיין מיט כבוד אויך אין די לעצטע רייען און דינען דאָס פֿאָלק אין יעדער שטעלונג, מיט געטריישאַפֿט, ליבע און גלויבן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אָפּשרעקן פֿון דורכפֿאַלן, און פֿאַרביטערונג האָט ער נישט צוגעלאָזט צו זיך.

„קען זיין" — האָט זיך ווייצמאַן אַמאָל געוועטלט — „קען זיין, אַז מען מוז נישט דווקא זיין אַ משוגענער, כדי צו זיין אַ ציוניסט — אָבער מיט שגעון איז טאַקע פֿאַרט בעסער". ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן אויך פֿון דער אַזויגערו־פֿענער „קליינער, גרויער" אַרבעט. ער האָט געלערנט דאָס פֿאָלק, בויען שטילער־הייט און מיט התמדה לעבנס־פּאָזיציעס און זאַמלען כוחות אין לאַנד, ביז עס וועט קומען די שעה פֿון אַנטשיידונג. אַזוי האָבן מיר לאַנגע יאָרן געלעבט אין אַן אַטמאָס־פֿערע פֿון דער ייִדישער מלוכה, נאָך איידער פֿאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן האָבן זיך דערוועגט אַרויסצוזאָגן דעם דאָזיקן שם המפורש. דעמאָלט האָבן נאָך די פֿרעמדע געהערשט אין לאַנד, אָבער ווייצמאַנס קלוגער חוש האָט אים געזאָגט: די פֿרעמדע

וועלן אַוועק, פריִער אָדער שפּעטער — בלייבן וועלן מיר. געווען ביי יעדן פאָלקס־טריבונען, וואָס האָבן מיט ליידנשאַפטלעכע רעדעס געקענט טיף אויפשטורעמען דאָס פאָלק — ווייצמאַנס כוח איז אַלעמאָל געלעגן אין אויפבויען. ער האָט אויס־געקליבן פאַר זיך דעם שווערערן וועג.

אָט דעם שווערערן וועג איז ער געגאַנגען אינאיינעם מיטן פאָלק און מיטן פאָלקס כוח. ווען ער האָט, אין יאָר 1929 אין ציריך, געשאַפן די דעמאָלט־אומפּאָפּולערע פאַרברייטערטע ייִדישע אַגענץ פאַר ארץ־ישראל, האָט ער אַרויסגעפילט דעם טיף־פאַרבאָרגענעם מיסטישן צונויפבונד צווישן די ייִדישע מאַסן און די לאָרדיש־מאַגנאַטישע יאַהודים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפּרוווט איינרעדן, אַז די ייִדישע וועלט־טראַגעדיע מיינט אַלץ און אַלעמען, אָבער נישט זיי. זיי וועט זי אויסמיידן. ווייצמאַן האָט געוווסט: אין איינעם אַ טאָג, דעם טאָג פון גרויסן אומגליק, וועלן זיי אַלע קומען צו אונדז.

ער אַליין איז זיין גאַנץ לעבן געווען פול מיט פאָלק. מיט צענדליקער יאָרן צוריק, גרייטנדיק זיך אין לאָנדאָן צו זיין גרויסער וויסנשאַפטלעכער און פּאָליטי־שער קאַריערע, איז דער יונגער פּינסקער דאָקטער איינגעשטאַנען ביי איינעם אַ שניידערל אין ווייטשעפּל: אַ פאַרחלומט שניידערל געווען און מסתמא אַ ראָמאַנטי־שער אָרעמאַן, וואָס האָט ליב געהאַט אידעלע יונגעלייט. אָט דאָס שניידערל פלעגט אַרומפירן דעם יונגן ווייצמאַן אין זיינע פרייע שעהן און אים באַווייזן די פרעמדע שטאָט — קיינמאָל אָבער האָט ער אים נישט געוואָלט פירן ווייטער ווי ביז צו דער גרויסער באַנק. דאָ האָט זיך דאָס שניידערל אָפּגעשטעלט: „גענוג! ווייטער גייען מיר נישט. — ביז צו דער באַנק און גענוג!". פאַר זאַמלערס פון סימבאָלן רעקאָמענדיר איך דעם זאָג פון דאָזיקן האַרציקן שניידערל.

און שוין זייענדיק פּרעזידענט פון מדינת ישראל, פאַרצייכנט ווייצמאַן אין זיינע זכרונות, זיין צוואה: „ווען איך וואָלט איצט געהאַלטן דערביי, אָנצוהייבן פון דאָס ניי מיין לעבן, וואָלט איך אפשר גענומען מיר פאַר אַ מוסטער דאָס לעבן פון אונדזערע פּויערים אין נהלל אָדער דגניה..."

און עס איז באמת נישט נויטיק קיין שטאַרק־צעשפּילטע פאַנטאַזיע, כדי זיך אויסצומאָלן איינס פון אונדזערע דערפער אין עמק אָדער אין גליל און אין אָט דעם דאָרף דרייט זיך מיט שטילע טריט אַן אידעלער זקן, וואָס האָט אָפּגעטון אין זיין לעבן אַ וועלט מיט געבענטשטער אַרבעט פאַר זיין פאָלק און פאַר דער וויסנ־שאַפט, און איצט, אויף די אַלטע יאָרן, איז ער אַהיימגעקומען צו דער מאַמע־ערד, די נשמה באַלאָדן מיט שפע, און זיין שלאַנקע געשטאַלט בויגט זיך אין מיט שטאָל־צער הכנעה איבער דער צעאַקערטער ייִדישער ערד און זאַפּט־איין איר ריח אין זיין באַרויִקט האַרץ. וואָרום דאָ, אויף דער ערד פון נהלל און דגניה, פון יעדן איינציקן

ייִדישן דאָרף, וואָס רייסט זיך ציטעריק צום ליכט אונטער אונדזערע אַלטע הימלען. דאָ האָט זיך חיים ווייצמאַן שטענדיק געפילט אינדערהיים, דאָ האָט ער דערפילט די טיפע וואָרצלען פון אונדזער באַנייטער לעבנס־קראַפט. אָט די שווערע גע־בענטשטע ערד פון נהלל און דגניה טראָגט אין זיך דעם טיפן סוד פון דעם וווּנדער, צו וועלכן אונדזער פאָלק האָט זוכה געווען: יונג צו ווערן אויף די אַלטע יאָרן, דער דאָזיקער נס איז אָרגאַניש פאַרקניפּט מיט דעם לייכטנדיקן לעבן פון חיים ווייצמאַן.

# יצחק בן־צבי

ער איז דער פּרעזידענט פון לאַנד, וואָס איז שווער פאַרהאָרעוועט ביים אויסענדיקן דעם בנין פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט טויזנטער יאָרן קיין היים נישט געהאַט. די אַרבעט שרייט אונטער די הענט, אין פאַבריק, אין פעלד, אין לאַבאָראַטאָריע, אויפן שאָסיי און אויף די רושטאָוואַניעס. קומט זיך צונויף אַ טראַגיש־צעריסענע משפּחה פון אַלע עקן וועלט. בויט מען צו אין איילעניש נאָך אַ פליגל צום בנין און נאָך איינעם. קרעכצן די פוגעס דאָ און דאָרט און דער דאַך איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק און דאָ און דאָרט יאָגן ווינטן און מענטשן האָבן טענות — ווערזשע האָט צייט צו הערן טענות! אַרום און אַרום רודערן טראַקטאָרן אין די פעלדער און בולדאָזערס פּילדערן אויף צעגראָבענע שאָסייען און אַלץ אַרום שמעקט מיט פריש געהילץ, מיט אייזן און צעמענט און האָרעוואַניע. אַלץ איז דאָ נאָך אָנגעוואָרפן, אַלץ אָנגעהויבן, אַלץ האַלט זיך אין ענדיקן — אָבער קוים געענדיקט, דאַרף מען שוין ווידער אָנהייבן. וואַקסן אונטער די הענט די הייזער און פאַבריקן, שולן פאַר קינדער און מינעס אין די בערג; בליִען פעלדער און ברונעמער און יונגע וועלדלעך ציטערן מיט אומזיכערן גרינס צווישן די גרויע פעלזן. קומען צו ברויט און קולטור און זיכערקייט און פאַמעלעכע פאַרברידערונג צווישן די שבטים, אָנגעיאָגטע פון אַלע ווינטן פון דער וועלט — וואָס־זשע איז דער חידוש, ביי דעם אַלעמען, וואָס אונדזער בנין האָט נאָך אַלץ נישט קיין פאַסאַד?

אויך אונדזער מלוכה־פּרעזידענט יצחק בן־צבי איז אַ מענטש אָן אַ פאַסאַד. ער איז באַלד דער בנין אַליין: וואָס׳ט מען באַלאַמוטשען מיט אויפפּוץ? איך קען מלוכה־פּרעזידענטן אין געוויסע לענדער, זענען זיי כולו גלאַנץ און אָנשטעל: פּראַק און צילינדער און פולע סאַלאָנען מיט אָפיציעלן שמייכל, הינטער וועלכן עס פּאָסטעוועט מענטשלעכע ליידיקייט. דאָס זענען שטאַרק־פּאָטאָגענישע פּרעזידענטן — און אָפט דאַכט זיך, אַז יעדער איינער פון זיי קרימט זיך נאָך אַ פילם־סטאַר, וואָס קרימט זיך נאָך אַ „פּרעזידענט“. זיי זענען אַרום און אַרום איין איינציקער לעבעדיקער רעקוויזיט פון דיפּלאָמאַטישן רעפּרעזענטיר־שאַבלאָן — און דאָס האַלט אין איין

שימערירן מיט „לייטזעליקייט" אויף באַנקעטן, אין קונסט־אויסשטעלונגען, אויף פּאַראַדן, ביי דער באַרעדעוודיקער באַקראַנצונג פון שטומע העלדן־קברים און אַרום אַ פריש־געבוירענעם דריילינג ערגעץ אין אַ טונקעלער פויערישער כאַטע.

ישראלס מלוכה־פּרעזידענט יצחק בן צבי גלאַנצט מיט דעם דיסקרעטן אידעלן גרוי פון מענטשלעכער פשטות: אַלע ניואַנסן פון גרוי. דאָס איז די ערלעכע פאַרב פון מענטשלעכער מי און פון דער איבערמענטשלעכער מי פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך מיט זיין גורל — און איך בין נישט מקנא דעם פראַק, וואָס דער שעף פון פּראָטאָקאָל אין ירושלים וועט סוף כל סוף אַרויפצווינגען אויף אונדזער מלוכה־פּרעזידענט. מילא, וועט ער אים שוין אָנטון, באין ברירה, און מסתמא וועט דאָס זיין אַ פראַק פון די פראַקן, לויט אַלע כללים פון שניידערישן הויף־סטיל, אָבער איך האָב מורא, אַז אומזעבאַר וועט זיך אַרויסזען דער גרויער, היימיש־וואָלענער שפּענצער, געשטריקט פון רחל ינאית, דעם פרעזידענטס פרוי. דאָס איז, אויב מען מעג אַזוי זאָגן, דער גאַלאַ־שפּענצער פון דער צווייטער עליה, וואָס איז געקומען קיין ארץ ישראל מיט 40 און 50 יאָר צוריק, פון פּלאָנסק און פּאָלטאַווע, פון קישענעוו און באָברויסק און לעמבערג, איבערגעלאָזט הינטער זיך שטילע, יידישע שטיבער, מיט פאַראומערטע טאַטע־מאַמע, אַנטלאָפן פון צאַריסטישע זשאַנדאַרן און קלײנע־דיקער פוסטקייט און אָנגעהויבן האָט מען חלומען אויף זאַמדיקע סטעפּעס, חלומען און קעמפן און הונגערן אין דער איינזאַמקייט, אין געצעלטן פול מיט מאַלאַריע, הונ־גערן און זינגען, וואַכן ביינאַכט און אַרבעטן בייטאָג אין לאַנגע, שווערע ווייען פון מעשי בראשית.

יצחק בן צבי איז איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אין יענע יאָרן פון אָנהייב אַוועקגעשטעלט אין דער קלעמענדיקער ליידיקייט פון אונדזער לאַנד און געהאָלפן לייגן פונדאַמענטן. ער איז איינער פון די געציילטע לעבן־געבליבענע אינטעליגענטן, אַרבעטער, לערער, שומרים, קאָלאָניסטן, וואָס האָבן אויפגעלאָדן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון אַזאַ לעבן און האָבן אויסגעהאַלטן מיט געטריישאַפט און עקשנות. אין פּאָלטאַווע האָט זיך דער יונגער טעאָרעטיקער און מיטגרינדער פון פועלי ציון אויסבאַהאַלטן פאַר צאַרישע תפיסות אונטער דעם נאָמען אבנר; — אין פּאָרט פון יפו האָט זיך, כמעט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, באַוויזן איינער אַ בחור — יצחק־בן־צבי: דער טשעמאָדאַן ליידיק און דער קאָפּ פול מיט אידייען. אַזוי האָבן זיי אַלע אויסגעזען אין יענע ווייטע יאָרן. פון יפו האָט ער אַוועקגע־בראָדזיעט צופוס צווישן די זאַמדן אין דער קאָלאָניע פתח־תקווה, געגאַנגען דעם וועג פון אַלע, וואָס זענען געקומען דעמאָלט קיין ארץ ישראל, אָנגעהויבן דאָס נייע לעבן. ער איז געגאַנגען זוכן חברים און אַ טאָג אַרבעט אין דער ערשטער קאָלאָניע, ווו עס האָבן דעמאָלט געהונגערט און געפיבערט און געאַרבעט אין פּרדס אָדער אויף שאָסיי אַנדערע חברים.

אין משך פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט האָבן דער ישוב און די אַרבעטער־באַוועגונג אַרויפגעלייגט אויף יצחק בן צבי אַ סך אויפגאַבן — אָבער פירנדיק די באַוועגונג איז ער שטענדיק געבליבן איינער פון דער מאַסע. אַלעמאָל האָט ער פאַרמאָגט די באַזונדערע טעכניק, נישט אַרויסצווזען זיך אין דער סאַמע ערשטער ריי — און זייענדיק אָפט דער מיטלפונקט, איז ער געשטאַנען מן הצד. דאָס דאַרף מען קענען. דערביי האָט קיינער קיינמאָל נישט חושד געווען, אַז עס איז פאַראַן גע־מאַכטע עניוות אין דער געשטאַלט פון יצחק בן צבי. עפּעס האָט ער אַ מין געהיימען אָפּמאַך מיט דער נאַטור: די הויכע, אַביסל־איבערגעבויגענע דערשיינונג, דאָס היי־זעריקלעכע קול און דאָס שטילע וואָרט, וואָס ער האָט אַלעמאָל געהאַט צו זאָגן וועגן פאַרשידענע ענינים פון אונדזער לעבן — אַלץ איינגעהאַלטן, צוריקגעצויגן צום הינטערגרונט. ער האָט זיין וואָרט קיינמאָל נישט געסטראָיעט מיט יום־טובדיקן פּאַטאָס אָדער מיט רעטאָרישע חנדלעך — זאָל דאָס בלייבן נענטער צום אמת.

אַלע געדענקען אין ירושלים דעם גרויען הילצערנעם באַראַק אין רחביה, ווו יצחק בן צבי האָט אָפּגעלעבט צענדליקער יאָרן און געטון זיינע אַרכעאָלאָגישע אַרבעטן און ווו ער האָט מיט בכבודיקער פּשטות אויפגענומען די העכסטער פּער־זענלעכקייטן פון דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט, זייענדיק פאָרזיצער פון ועד־לאומי, דעם נאַציאָנאַלראַט פאַר ארץ ישראל. דאָס איז געווען אַ באַשיידענע דירה פון אַ פאָלקסמענטש, אַ באַראַק, וואָס האָט אפשר געקענט אַמאָל שטיין אין פּאָל־טאַווע און נישט מאַכן אפילו דעם אָנשטעל פון אַ סימבאָל: גלאַט אַ באַראַק. איצט שטייט ער, אמת איבערגעבויט און צוגעפּאַרבט, אַריינגעקוועטשט צווישן גרויסע, מאָדערנע הייזער אין האַרץ פון ירושלים, איינגעאָרדנט מיט דעם נאַטירלעכן מאַנגל אין פּרעזידענטישן לוקסוס. איר פילט באַלעבאַטישן סטיל אין די שיינע פּראָסטע טיש־און־בענק און די ווענט זענען פול מיט ספרים. די ספרים, דאַכט זיך, זענען אַקטיווע, זיי שטייען דאָ נישט אויף אָרנאַמענטיק, נאָר לעבן איניינעם מיטן בעל הבית. דאָ, אין דעם אַלטן באַראַק, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ פּאַלאַץ, האָט יצחק בן צבי געטון זיין וויסנשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אַמאָל פלעגט מען זען דעם אָנקומענדיקן מלוכה־פּרעזידענט אַריינכאַפּן זיך אין נאָענטן קרעמל מיט אַ קוישל און אַ קענדל, צוהעלפן רחל ינאית איינקויפן ברויט און מילך און טאָמאַטן — און די פּשטות איז אינגאַנצן אָן רעזשי, נישט צו פאָטאָגראַפירן.

אַזוי האָט געלעבט אַלע יאָרן דער היינטיקער פּרעזידענט פון מדינת ישראל און אין אָט דעם גייסט פון עניוות און פּשטות רעפּרעזענטירט ער אונדזער מדינה, כלפּי פּנים און כלפּי חוץ: איינער אַ ייִד פון פאָלק — הויכער ערן־טיטל אין ציוניזם. דער אַלטער הילצערנער באַראַק שטייט היינט נישט מער אין ירושלים. ער איז נישט לאַנג אַריבערגעפירט געוואָרן אין קיבוץ בית קשת, ווו מ׳האָט געמאַכט פון אים אַ קולטור־הויז צום אָנדענק פון בן צביס געפאַלענעם זון. מיט אַ צייט צוריק

בין איך געווען אין פּאַלאַץ פון פּרעזידענט און איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס האָט זיך דער אַלטער הילצערנער באַראַק פאַרשטעלט פאַר אַ פּאַלאַץ. מיר קענען דעם סוד פון „גלגולים“ — און ווי ס'זאָל נישט זיין: מיט אַזאַ מין פּאַ־לאַצישן באַראַק פון מלוכה־פּרעזידענט קען שוין ישראל קיין בושות נישט איינבנעמען.

# דוד בן־גוריון

„חבר דוד" הייסט ער אין שדה בוקר, אַ חבר צווישן חברים, כאָטש ער איז היינט ווידער מיטגליד פון דער רעגירונג און פאַרברענגט אַ סך צייט מחוץ דעם דאָרף. שדה בוקר איז אַ יונגער מושב מיט אַן אָרעמער באַלעבאַטישקייט אויף די זאַמדן. מער נאָמען ווי ישוב: עטלעכע הילצערנע שטיבלעך, וואָס ציטערן אין די ווינטן פון נגב און שפּאַרן זיך אָן אין דער ליידיקייט. שטייט דאָ דער מענטש איינער אַליין, אויף מדבּרס באַראַט, און עס נאָגן בײַ דער נשמה די פּוסטע אומענדלעכקייט פון שטח און די גערדיכטע אומענדלעכקייט פון דער צייט, פון דער ייִדישער אורצייט, פול מיט אבות, וואָס האָבן זיך דאָ אַמאָל געדרייט אַריין און אַרויס, ויסעו—ויחנו; געבלאָנקעט צווישן הימל און ערד, וואָס זענען דעמאָלט נאָך געווען איינס, געפּלאָנטערט זיך צווישן מלאכים, וואָס האָבן זיך געדראַפּעט אויף לייטערס און געאַמפּערט זיך מיט אַ יונגן גאָט, נאָר וואָס אַרויס פון בראשית; געשטעלט ערשטע טריט אין תוהו־ובוהו און זיך פאַרנומען שווער מאַכן דעם מענטש דאָס לעבן אויף דער ערד.

וואָס זשע זוכט דוד בן־גוריון אויף די וועגן פון די אבות? און ווי קומט דאָס וואָס דער געוועזענער פּרעמיער פון ישראל, איר זיכערקייט־מיניסטער און פאַר־וואַלטער פון ייִדישער אומרו אין אונדזער דור, פול מיט „גרויסער וועלט", האָט פּלוצעם אַריבערגעשפּרונגען אויף צוריק היפּשע שטיקער געשיכטע, נאַציאָנאַלע און פּערזענלעכע, געמאַכט רעוואָלוציע פאַר זיך, אַ מין פּריוואַטע רעוואָלוציע, און אָנגעהויבן העזהדיק מיט אַ נייעם אָנהייב? הייסט דאָס, אַנטלאָפן פון דער ווירק־לעכקייט, פּראָווען התבודדות אין נגב? איז דאָס אַ גלגול פון טאָלסטאָיס יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, פון קאָצקערס פאַרשטומטן הויף, צי פון חזון איש אין בני ברק? פאַראַן מקורבים וואָס האָבן צו מאָל געשאַפן אַרום בן־גוריונען די אַטמאָספערע פון אַ קאַפּריזנעם צדיק, וואָס ציט צו חסידים און יאָגט זיך: „מ'קען נישט אַריינגייך..." לאַנגע יאָרן פלעגט מען אים רופן „דער אַלטער" — איז געלעגן אין דעם דאָזיקן „צונאָמען" סיי האַרציקע ליבשאַפט, סיי אַ ביסל מורא פאַר דעם פּאַטאָס פון זיין

געשטאַלט, פאַר דעם העזהדיקן פאַרמעסט פון זיין וואָרט, זיין געדאַנק, זיין ממשות־דיקן טאָן און פאַר דער אינעוווייניקסטער איינהייט צווישן זיי אַלע. דרייען זיך טוריסטן, וואָס זענען געקומען „קוקן״ און האָבן קיין הנאה נישט: גאָרנישט! אַ מענטש ביי דער אַרבעט, אין גאַנצן אָן מיסטיק, טומלען זשעדנע וועלט־רעפּאָר־טערן, וואָס פאַרזאָרגן די מענטשהייט מיט פּלאַנטער: וואָס טוט בן־גוריון אין מידבר? און דאָ איז אַ מדינה, וואָס „שטייט נישט״: דאַגות און אויפטוען, שאַפע־רישע וווּנדער און וויטיקן, אין מיטן דעם גערודער פון קיבוץ־גליות, אין דעם רוישיקן געווירבל פון נביאישע פסוקים, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטון, ווי אויסטער־לישע פייגל, פון אַלע עקן תנ״ך און ווילן דווקא מקוים ווערן אַלע מיט אַ מאָל, צווישן צאַפּלדיקע שטיקער נע־וונדקייט, צווישן שבטים און עדות, היימישע און עקזאָטישע, אָפּגעשטאַנענע און איבערגעשפּיצטע, מיט אַ האַרטן ווידעראַנאַנד פון עקאָנאָמישע שיכטונגען און קולטור־ און לעבנסניוואָס.

ראַנגלט זיך דאָס לאַנד נאָך אינעוווייניקסטן גלייכוואָג, זוכט ברויט און זיכער־קייט אין געיעג פון פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס רייסן זיך, פאַר די אויגן פון שונאים וואָס טשאַטעווען ביי די נאַקעטע גרענעצן, און פאַר די אויגן פון אַזוי־גערופענע „גוטע פריינט״ אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, הויפּט־שותּפים פון דער קאָסמישער פירמע „אַטאָמען, פּעטראָל און צער בעלי חיים״, אין נעבן־באַרוף „חסידי אומות העולם״ — און דוד בן־גוריון איז אַוועק אין שדה בוקר.

אַ סך אין לאַנד און אויף דער יידישער וועלט, וואָס זייער שאַבלאָן האָט מורא צו באַגעגענען זיך פּנים־אל־פּנים מיט דעם פענאָמען, מאַכן דעם אָנשטעל, „אַז פאַר זיי איז אַלץ קלאָר״. דאָס איז, הייסט עס, דער פּאַראַדאָקסאַלער גאַנג פון איינעם מיט אַ יחידישן פאַרמעסט, אַ פּאָליטישער פירער, וואָס האָט אַ הסכם מיט דער נאַטור אויף אייגענע וועגן און אויסגעהאַלטענער עקשנות — און עס פאַר־נעמט זיך אַ סדרה טאַנדעטנע פּסיכאָלאָגיע, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין די געדונגענע טיפקייטן פון איר פּלאַכקייט און „טייטשט״. אפשר איז בן־גוריון אַנטוישט פון דער קאָאַליציע, וואָס האָט נישט אויסגעהאַלטן, און אפשר פון געוויסע ירידה־שטימונגען, וואָס קווילן זיך ווי כמאַרעס אַרום דער חלוצישער אידעע, און אפשר האָבן זיך פאַרטיפט די חילוקי־דעות צווישן אים און פירנדיקע חברים אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין דער רעגירונג, אין דער הסתדרות — סברות! אַנ־דערע ווידער מאָדע־ציניקער און חכמעוואַטע וועלטנאַראָנים, וואָס לעבן פּראָפע־סיאָנעל פון דעם דופק, וואָס איז „נישטאָ״, נאָך אַלץ נישטאָ, העלפן זיך אַרויס מיט רכילות. זיי זענען שטענדיקע איינגייערס הינטער די קוליסן פון וועלט־טעאַ־טער, אומעטום פול, אומעטום לייזיק — שושקעט מען זיך מיט „אַמוזאַנטע״ אַנצו־הערענישן: מסתמא נישט גלאַטיק.

אַוודאי איז נישט גלאַטיק. בן־גוריון איז אַ דראַמאַטישע געשטאַלט מיט אַ

סך שאַרפֿע קאַנטן, מיט מאַניאַקישן גלייבן און פֿלאַמיקער העזה, מיט שינאה פֿון גייסטיקן מענטש צו גערירשנטע אמתן, אויף וועלכע אַנדערע האָבן געאַרבעט. ער איז אַ פֿירער מיט דעם מוט צו אומפּאָפּולאַריטעט און איינזאַמקייט, אַפּיקורס מיט גאָט אין האַרצן. אויף זיין אמת אַרבעט ער אַליין, פּרוווט אים אויס אין זיך, צי ס'איז זיינער. קען זיין אַז ער האָט מיט זיין וואָג נישט איין מאָל צו שווער גע־דריקט אויף זיין סביבה. אפשר איז ער אַוועק אין דער איינזאַמקייט, זוכן די פֿאַר־לוירענע האַרמאָניע צווישן דער אידעע און די פּשרות, וואָס רעלאַטיווירן דעם אַבסאָלוט און האָבן די טענדענץ איינצובייגן אָדער אָפּצוברעכן דערגרייכטע שפּיצן: נישט פֿאַרמאַטערן דעם שלאָפֿן גייסט פֿון דער צייט מיט דעם קלעטערגאַנג צו הויכע צילן, נישט שאָקירן דיווירקלעכקייט מיט אומבאַקוועמע אמתן. ער איז אַן אַקטיוויסטישער ענטוזיאַסט, רעאַל־פּאָליטיקער מיט אַ שוואַכקייט צו דער עקידה, און זיין טעמפּעראַמענט פֿאַרטראָגט נישט די אָפּקיל־קולואַרן, וואָס די נייע טעכניק אינסטאַלירט היינט אין יעטווועדערנס נשמה: ברען מיט חשבון! ער איז פֿול מיט סאַרקאַסטישן ביטול צו פֿאַרטיקע אידעאָלאָגישע שולחן־ערוכס, פֿון לינקס און פֿון רעכטס אין דעם זינען איז ער אַן אייביקער בונטאַר, גייסט איז אומרו — נעם און באַשאַף אַליץ פֿון גרונט אויס: דייך סאָציאַליזם און דיין ציוניזם און דעם סינטעז פֿון זיי ביידן, אַליץ פֿון ס'ניי, דעם ייִדישן מענטש און די ייִדישע ערד, די פֿרייהייט און די סאָציאַלע גערעכטיקייט, די קריסטאַליזירונג פֿון פֿאָלק און די פֿונדאַמענטן פֿון דער מדינה ווי אַ טייל פֿון דער וועלט. קיינער האָט דיר גאַרנישט אַנגעגרייט און פֿון דיאַלעקטיק וועסטו נישט געהאָלפֿן ווערן. ער האָט דעם טאַלאַנט צום אייביקן לערנען אין טיפֿערן און אין פּשוטן זינען פֿון וואָרט. און ער געהערט צו יענע, וואָס זייערע פֿענצטער לייכטן העל ביי נאַכט. זיין גייסטיקע פּערזענלעכקייט איז אַ קאָמפּליצירטע סיסטעם פֿון באַציונגען און אינטערעסן: תנ״ך און פּלאַטאָ, שפּינאָזאַ און טעכניק, טאַנקען פֿון ישראלס זיכערקייט און פּאָטערלעכע חברשאַפֿט מיט דער יוגנט. ער האָט דעם טאַלאַנט צו דערגייין צום יסוד פֿון מענטשן און זאַכן, נישט לאָזן זיך נאַרן פֿון גלאַנץ. ער שטרעבט צו פֿולער סוווערעניטעט איבער די בראָשורן וואָס באַהערשן די קעפּ, צו דעם נביאישן סאָציאַליזם מיט זיינע שטאַר־קע סאָציאַל־עטישע וואָרצלען, וואָס האָט באַלויכטן זיין וועג אין פֿריִער יוגנט, ווען ער האָט זיך כמעט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק געלאָזט אויף דעם וועג פֿון די העזהדיקע, עלנטע: באַנייען ייִדישע גרויסקייט אין דער וועלט.

אָט איז דאָס היימישע שטעטל אין פּוילן: אידיליע פֿון ייִדישער אָרעמקייט און באַלעבאַטישקייט, ציוניסטישע ראָמאַנטיק און דורכגעפּאַלענע רוסישע רעוואָ־לוציע, צאַריסטישע זשאַנדאַרן און געהיימע „קריזלעך״ אויפֿן בית־עלמין און אין וואַלד, בלאָנדזשענדיקע יוגנט און טאַטעס מיט קראַמען, טאַטעס צווישן גויִם, גבירים צווישן פּריצים און מעקלערס „אַזוי״, שקלים און בית־מדרשדיקע „דיס־

קוסיעס״ ביים שבתדיקן לייענען, האָפּערדיקע חסידים און איידעמלעך און ציון־
פאַראייניגן מיט שאַך, אַסטראָנאָמיע אויף העברעיִש און נייע ביכלעך אויף ייִדיש,
דאַרווין און קראָפּאָטקין, טאָלסטאָי, הערצל, פּלעכאַנאָוו. נאָר וואָס האָט זיך אָנגע־
הויבן אַ פרישער יאָרהונדערט, געלאָדן מיט שפּאַנונג, מיטגעריסן פון האָפּערדיקן
פּראָגרעס, פאַרשיכורט פון דער איינריידעניש, אַז דער מאָרגנשטערן נעמט זיך
אויפגיין פון די כמאַרעס פון פּאָגראָם. שפּיגלט זיך אַזאַ צערודערטע וועלט אין
פאַראומערטן שטעטל, פלאָנטערט זיך מיט חלומות פון ייִדישן רענעסאַנס, פון
אויטאָ־עמאַנציפּאַציע, קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע און עמיגראַציע און זעלבסטשוץ
אין פייערשאָסן פון ביאַליקס שחיטה־שטאָט — איז דאָס אמתע כישוף־וואָרט: סינ־
טעז! דערגיין צו אַ טאָלק אין כאַאָס פון טעאָריעס און טערמינען וועגן היסטאָרישן
מאַטעריאַליזם און סאָציאַלער רעוואָלוציע, אוגאַנדע און טעריטאָריאַליזם, בונדיזם,
ציוניזם, באַפרייאונג פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געהייסן: שאַפן קודם אַ פּראָ־
לעטאַריאַט ביי ייִדן, עס זאָל זיין וועמען צו באַפרייען. האָט זיך ייִדישע יוגנט גע־
וואָרפן מיט אינטעלעקטועלן אימפּעט און מיט חריפותדיקער אומפאַרשטייעניש
איינצופירן „באַלעבאַטישקייט״ אין דער גייסטיקער אומאָרדענונג. האָט מען אַ
סך געבלאָנדזשעט און דיסקוטירט, געשאַפן טעאָריעס און געפּראַוועט האָפּערדיקן
מאָדע־ייאוש — אָבער דער יונגער דוד גרין פון פּלינצק, דער הײַנטיקער דוד
בן־גוריון, האָט זיך ווינציק באַנוצט מיט זיין רעכט אויף פאַרלוירנקייט. מיט דעם
ברען פון דער אויפגעפלאַקערטער ייִדישער פאָלקס־אמונה האָט ער זיך געוואָרפן
אויף דער אויפגאַבע פון זיין דור: די רעוואָלוציע פון ייִדישן מענטש אין אייגענעם
פאָטערלאַנד.

שטייען פאַר אונדז בן־גוריונס ערשטע טעג אין אַמאָליקן ארץ־ישראל: ראָ־
מאַנטישע חברה אין רוסישע רובאַשקעס, מיט רויטע בילעטן פון דער טערקישער
מאַכט, וואָס קוקט קרום אויף די „מאָסקאַליעס״, די פרעמדע רוחות, אויף זייער
טייוולאָנישן כוח צו הונגערן און פיבערן און זינגען ראָמאַנסן ביי דער לבנה, אויף
זייער עקשנותדיקן געראַנגל מיט מידבר און ליידיקייט, אויף זייער שטרייקן און
אומרוען אין די „קולאַקישע״ קאָלאָניעס. אָבער נישט נאָר די טערקן קוקן קרום
אויף זיי. אויך ביי די ייִדישע קאָלאָניסטן פון יענער צייט זענען זיי קנאַפּ אָנגע־
לייגט. די „קולאַקעס״ האָבן חוזק געמאַכט פון די „ציוניסטלעך״, די שלימזלניקעס
און באָרוועסע ראָמאַנטיקער — און עס זענען געווען צייטן, ווען מען האָט זיי
אין אַ ייִדישער שטוב נישט אַריינגעלאָזט און נישט צוגעלאָזט צו קיין שום אַרבעט.
אויף דער דאָרפישער „בירזשע״, ווו עס האָבן זיך אויסגעשטעלט די אַרבעטער
„צו פאַרדינגען״, פלעגן די קאָלאָניסטן קודם באַטאַפּן די מוסקולן פון די „ציו־
ניסטן״ און זיי על־פּי רוב פּסלען. דערציילט איינער פון די האַמלער פּועלי ציון,
אליהו אבן־טוב, ווי אַזוי ער האָט באַקומען דעם ערשטן טאָג אַרבעט אין פּתח־תקוה.

דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען די קאָלאָניסטן פֿון פּתח־תקוה האָבן געלייגט אין חרם די ייִדישע אַרבעטער, צוליבן חשד פֿון אַפּיקורסות. „ערב שבת — דערציילט אבן־טוב — בין איך געקומען אין דער קאָלאָניע. שבת־צונאַכטס זאָגט צו מיר יחזקאל כאַנקין, איך זאָל אַריינגיין צום קאָלאָניסט י. ר. אפשר וועל איך ביי אים קריגן אַ טאָג אַרבעט. אָנגעקלאַפּט אין טיר, הער איך ווי מען רופֿט „הערריין!” איך גיין אַריין און זע אַרום טיש די בני־בית טרינקען טיי. בלייב איך שטיין ביי דער טיר: „געהערט, אַז ביי אייך זענען פֿאַראַן אַ פּאָר אַרבעטס־טעג”. דער ייִד ענטפֿערט נישט. אָבער צווישן איין זופּ טיי און דעם אַנדערן גיט ער אַ זאָג: „איז טאַקע געווען אַ פּאָגראָם אין האָמעל און די ייִדן האָבן טאַקע געגעבן צוריק אויך?... העי, יונגע לייט” — צעשמועסט זיך דער ייִד ווייטער — „איר מאַכט זיך אַ ביסל נאַריש. ערשטנס איז דאָס ארץ־ישמעאל און נישט ארץ־ישראל און צווייטנס, מהיכא־תיתא, אַזעלכע יונגעלייט ווי איר וואָלטן אַוועקגעפֿאָרן אין אַמעריקע און געמאַכט אַ פֿאַרמעגן — דעמאָלט איז נישט שלעכט אין ארץ־ישראל אויך...”

און אין אַ קאַפּיטל זכרונות דערציילט דוד בן־גוריון וועגן זיינע ערשטע טעג ווי אַן אַרבעטער אין די פּרדסים פֿון פּתח־תקוה און ראשון לציון: „מער ווי איך האָב געאַרבעט, האָב איך געפֿיבערט און געהונגערט — און אַלע דריי אין איינעם, די אַרבעט, דער פֿיבער און דער הונגער, זענען פֿאַר מיר געווען אַ נייע איבערלעבונג. פֿיבער האָב איך באַקומען מיט „מאַטעמאַטישער” גענויקייט איין מאָל אין צוויי וואָכן. אויך דער הונגער איז געווען אַ שטענדיקער אורח. ער האָט זיך געהאַלטן ביי מיר עטלעכע וואָכן און אַ מאָל גאַנצע חדשים... ביי טאָג האָב איך מיט פֿאַרשיידענע מיטלען געפּרוווט זיך מאַכן נישט־וויסנדיק — אָבער אין די שלאָפּלאָזיקע נעכט פֿלעגט מיך דער הונגער קלעמען ביים האַרץ — בין איך אויפֿגעשטאַנען פֿאַר טאָג אַ צעבראָכענער און דערזען, אַז די האָר קריכן מיר אויס פֿון קאָפּ. האָבן זיך געביטן טעג פֿון אַרבעט מיט טעג פֿון פֿיבער און הונגער — אָבער די התלהבות און די פֿרייד זענען נישט געפֿאַלן... נאָר אַ מאָל, ווען עס האָט זיך אויסגעוועפּט די שיכרות פֿון דער ערשטער פֿרייד, האָב איך פּלוצעם דערזען פֿאַר מיר אַן אַלט בילד, וואָס קוקט אַרויס פֿון אַ נייעם רעמל. דער הימל איז ניי — ארץ־ישראלדיקער הימל — און די ערד איז ניי — די ערד פֿון פֿאָטערלאַנד — אָבער די מענטשן פֿון ייִשוב זענען גלות־ייִדן און פֿירן זיך ווי גלות־ייִדן... אויך זיי זענען געקומען אַהער מיט יוגנט־חלומות פֿון גאולה — אָבער די נשמה־יתירה איז שוין לאַנג פֿון זיי אַרויס...”

דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פֿון אָנהייב. דאָס לאַנד איז ליידיק, פֿול מיט פּחדים, פֿול מיט שאַקאַלן און באַנדיטן, און אַלע בראָדזען אין זאַמדן און „פּראָיעקטן”, און דאָס ייִדישע פֿאָלק איז ווייט און שוין מיד נאָך פֿאַרן אָנהייב — טרעפֿן מיר בן־גוריונען און זיינע חברים, צווישן פֿעלדזן און זומפּן און דיסקוסיעס

וועגן די „פּלאַטפאָרמעס", פּלאַסטערן ערשטע שאָסייען, וואָס ציִען זיך שמאָל און אומזיכער צו אַ פאַרהוילענער צוקונפט. „אין יענע טעג — דערציילט ישראל שוחט, פון די ערשטע שומרים און אַרבעטער־פירער אין ארץ־ישראל — האָב איך דערקענט דור גרין (בן־גוריון) ווי אַ שטאַרקן דינאַמישן כוח, וואָס קען אויס־בויען אַ בריק צווישן צוויי ווייטע וועלטן: נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם". „די דאָ־זיקע צוויי וועלטן — שרייבט ברכה חבס אין איר מאָנאָגראַפיע וועגן דוד בן־גור־יון און זיין דור — האָבן זיך דעמאָלט נאָך נישט געהאַט צונויפגעגאָסן אין איין גאַנצער טעאָרעטישער סיסטעם. אָבער זיי האָבן זיך נשמהדיק באַהאָפטן אין דער פּראַקטיק און זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן די לעבנס תורה, וועלכע בן־גוריון האָט מיטן גאַנצן האַרצן אָנגעהויבן רעאַליזירן, קומענדיק קיין ארץ־ישראל".

און בן־גוריון אַליין זאָגט וועגן זיך: „איידער איך בין געקומען אין לאַנד אַריין, בין איך אייגנטלעך נישט געווען קיין פּועלי ציון, איך בין געווען אַ סאָציאַ־ליסט און אַ ציוניסט און האָב נישט געהערט צו קיין באַשטימטער שטרעמונג". וויכטיקער ווי די „פּלאַטפאָרמע" איז געווען פאַר אים דאָס שעפערישע לעבן. ער האָט געקעמפט פאַר דער טעאָרעטישער זעלבסטשטענדיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל, פאַר איר באַזונדערן וועג, אומאָפּהענגיק פון „פּרינציפּן" און „לאָזונגען", וואָס זענען פאָרגעשריבן פון מאַרקסיסטישן שולחן־ערוך. ער גע־הערט צו יענע גייסטיק פרייע פּערזענלעכקייטן, וואָס שטעלן אויף זיך און שטעלן איין, אַלע מאָל טיף באַאומרויִקט פון דעם שווערן באַוווסטזיין, אַז אים איז באַשערט פון גורל אַן אייגענער וועג, פון קיינעם נישט אויסגעטראָטן.

דאָס איז דער פירערישער כוח פון דוד בן־גוריון: אַפילו ווען ער בלאָנדזשעט, גייט מען אים נאָך — גוט מיט אים צו בלאָנדזשען. דאָס איז זיין גרויסע גייסטיקע העזה, צו פאָדערן דאָס העכסטע פון זיך און פון אַלעמען: אַ העזה צו וועלן זיין פריי און אָנצוהייבן בויען מלוכישע סוווערעניטעט פון דעם אומגליקלעכסטן פאָלק אויף דער ערד מיט די ליידיקע הענט און מיט די פּולע הערצער פון אַ בינטל ייִדי־שע בחורים דאָ און דאָרט. אַ העזה צו וועלן רעאַליזירן אידעאַלן ביים אייגענעם לעבן און דורך אים אַליין, נישט דורך אַ שליח. אַ העזה צו גרינדן אַ מלוכה קעגן אַ וועלט מיט שונאים, אַ העזה צו האַלטן מלחמה אָן כלים, אַ העזה פון ייִדן צו באַזיגן גויִים, אַ העזה צו עפענען די טויערן פון אָן אָרעם לאַנד, אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל, פאַר הונדערטער טויזנטער פאַרוואָגלטע ברידער, וואָס טרעפן זיך דאָ אויף דעם האַרטן אויסגעבערענטן באָדן פון ישראל.

דוד בן־גוריון איז אַרויסגעוואָקסן אין זיין פּולער נאַציאָנאַל־מענטשלעכער גרייס אינאיינעם מיט דער אָפּגרונטיקער ייִדישער וועלנויט, אינײנעם מיט דער גורלדיקער שליחות פון אונדזער דור, פאַר וועלכע די צעטומלטע היסטאָריע האָט נישט באַוויזן צוצוגרייטן קיין מוסטער. נישט פאַראַנען, דאַכט זיך, קיין ייִד צווישן

די פירערס פון אונדזער צייט, וואָס זאָל האָבן איבערגעלעבט מיט אַזאַ עקסטאַטישן ברען דעם ווינד־און־ווי פון אונדזער משיחישער תקופה, דעם געדראַנג פון אזוי פיל ייִדישער וועלט־געשיכטע, ווי דוד בן־גוריון.

איך האָב אים געזען מיט אַ צייט צוריק ביי אַ מאַסן־מאַניפעסטאַציע אין תל־אָביב פאַר זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע. בעתן געזעגענען אַן עולם פון טויזנטער ייִדן אונטערן פרייען הימל. עטלעכע שעה האָט ער גערעדט, אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן און פון קאָפּ, דערציילט וועגן דעם שווערן באַרג־אַרויף, וועגן אַרבעט, וואָס איז שוין אָפּגעטון, וועגן אויפגאַבן, וואָס וואַרטן אויף אונדז, וועגן סכנות, וואָס זענען נאָך באַשערט. ער האָט גערעדט הייס און שאַרף, ווי זיין שטייגער, גערעדט און געטראָפן אין פּינטל — און אַז מען דאַרף צורעכט מאַכן אַ דעמאַגאָג, פון לינקס צי פון רעכטס, פעלט נישט קיין פּאָלעמישע ליידנשאַפט, קיין פּאַטאָס, קיין איראָניע, קיין בייסיקער סאַרקאַזם. ער האָט מיט וואָס פיינט צו האָבן — און זיין באַליבטער האסאביעקט איז אַלע מאָל דער „דעמאַגאָג". ער האָט פיינט מיט הארץ — און זיין שינאה איז אַ פּראָדוקטיווע: אין נאָענטער שכנות מיט אהבת ישראל, וואָרעם עס גייט דאָ נישט וועגן רעטאָרישע קונצן און ווער קען בעסער „דיאַלעק־טיק". דאָ גייט וועגן דער שווערער שליחות פון אונדזער דור, מקיים צו זיין נביאישע פאַרפליכטונגען, וואָס קענען נישט מער פּראָלאָנגירט ווערן. קיבוץ־גלויות און די אויפריכטונג פון ישראל זענען נישט קיין פּסוקים פון ישעיהו הנביא — מיט זיי וואָלט מען זיך אַן עצה געגעבן — עס גייט וועגן ייִדן היינט און מאָרגן, וועגן דער נאַציאָנאַלער צוקונפט פון פאָלק, וועגן זיכערקייט און פריי־הייט פון ישראל. מיר האָבן זיך אונטערגענומען ווערן ווידער אַ גרויס פאָלק, כאָטש אין אַ קליין לאַנד — דאָס איז אונדזער רעוואָלוציע, כאָטש נישט לויט אַלע כללים פון רעוואָלוציאָנערן שולחן־ערוך. מיר האָבן שוין לאַנג היפּש רעדוצירט אונדזערע אַמאָליקן דרך־ארץ פאַר פרעמדע מוסטערן אויף אַלע געביטן. אויך די ייִדישע וועלט־טראַגיק איז אָן אַ מוסטער, אינגאַנצן אָן אירס גלייכן. די וועלט האָט באַ־שטימט אַ סטאַנדאַרט פון אומגליק פאַר געקליבענע טיילן פון דער מענטשהייט — מיר ייִדן אָבער, מאַקסימאַליסטן בטבע, האָבן דערגרייכט העכסטע רעקאָרדן פון געפאָלנקייט. ווער זשע קען פאַרלאַנגען, אַז פאַר אונדזער איבערדימענסיאָניר־טער וועלט־טראַגיק זאָל מען באַנוצן אַלטע מאָסן פון שאַבלאָן? מיר שטייען אין ברען פון אונדזער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע און זי פרעגט נישט ביי אונדז: יאָ צי ניין. פאַרביי די ראָמאַנטישע צייט, ווען ייִדן אין דער וועלט האָבן זיך געקענט שטיצן אויף דער גערישנטער, בכבודיקער אָנמעכטיקייט. ייִדן זענען אַלע מאָל געווען קרבנות פון דער געשיכטע: פּטור פון מעשים! היינט ווייס די וועלט, אַז עס איז אויפגעקומען אַ ייִדישער כוח, דער כוח פון ישראל. דאָס איז מחייב. היינט

מוז מען וואַקסן, אַפּילו ווען עס טוט ווי די ביינער פון צו גיכן וווקס. מען וואַקסט מיט געוואַלד.

איך בין געווען ביי דער מאַסן־מאַניפעסטאַציע אין תל־אָביב און האָב די גאַנצע צייט פון בן־גוריונס ריידן געפילט דעם געדאַנקלעכן פלאַקער, וואָס רייסט זיך פון זיינע רמ״ח אברים. דערנאָך האָט ער זיך אָוועקגעזעצט, אויפגעצערט פון פנימיותדיקן פייער, און איבער זיין פאַרשלאָסענעם, דורכגעלויכטענעם פנים רוישן לאַנגע אָוואַציעס. איך האָב געטראַכט וועגן דעם רבי ר׳ אורי׳לע סטרעליסקער — מען האָט אים גערופן דער „שרף" — וואָס פלעגט יעדן טאָג פאָרן דאַווענען איבערלאָזן אין דער היים אַ צוואה, טאָמער ווערט ער ביי די תפילות פאַרברענט אין זיין אייגענעם פייער.

# משה שרת

נאָך בן־גוריונס דעמיסיע האָט זיך דאָס לאַנד פּאַמעלעך אָנגעהויבן צוגעווינען צו דער געשטאַלט פון ישראלס נייעם פרעמיער משה שרת. אַוודאי האָט דאָס געפאָדערט אַ ביסל צייט, היימיש צו ווערן מיט בן־גוריונס פּלוצימדיקן שריט און אַ געוויסע פּסיכאָלאָגישע צופּאַסונג צו דעם נייעם בילד פון אונדזער פירונג, מיט בן־גוריון אין שדה בוקר. איך קען אַ סך מענטשן אין ישראל, פריינט און קעגנער פון דער רעגירונג, וואָס האָבן שווער געקענט פועלן ביי זיך, אַריבערצוגיין צום סדר־היום און אָננעמען דעם „איבערבייט" ווי אַ נאָרמאַלן עפּיזאָד אין אַ פּאַרלאַמענטאַריש רעגירטן לאַנד. דאָס איז מסתמא נישט בלויז „פּיעטעט". משה שרת אַליין האָט אין זיין קלוגער זאַכלעכקייט איינמאָל אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ער באַטראַכט זיך ווי איינעם, וואָס פאַרנעמט צייטווייליק דעם אַמט פון פרעמיער נאָך דוד בן־גוריון.

אַנדערש איז דער צוגאַנג פון דער אַזויגערופענער גרויסער וועלט צו פרעמיער משה שרת. דאָרט איז משה שרת שוין לאַנג אין דער היים, זייט ער האָט אין יאָר 1933, נאָכן טויט פון חיים אַרלאַזאַראָוו, איבערגענומען די פירונג פון פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט פון דער יידישער אַגענץ אין ירושלים און איז געוואָרן דער אויסערן־מיניסטער פון דער יידישער מדינה אונטערוועגס. דאָס האָט דעמאָלט געהייסן פאַרטיפן די באַציִונגען צו דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט, שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַטמאָספער פאַר די רעאַל־פּאָליטישע באַשטרעבונגען פון ציוניזם און אָנהייבן אינעווייניק, שטיל און סיסטעמאַטיש, צוגרייטן פונדאַמענטן פון דעם אומזעבאַרן בנין פון דער יידישער מלוכה, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ ווייטע חלומדיקע וועלט — נישט אָנצורופן ביים נאָמען.

צו דער דאָזיקער דעליקאַטער דיפּלאָמאַטישער אויפגאַבע האָט משה שרת מיטגעבראַכט וויכטיקע קוואַליטעטן. ער האָט אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע קאַריערע אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג ווי פּראָפעסאָר וויצמאַנס „באַגאַבטער אונטערשטאַט־סעקרעטאַר", ענערגיש און באַשיידן, און האָט איבערגענומען פון זיין

לערער דעם פּאָרזיכטיקן פּאָליטישן רעאַליזם און די מעטאָדן פון אָרגאַנישן פּראָג־רעס, וואָס גייט טריט ביי טריט, מיט כּמעט וויסנשאַפטלעכער סיסטעמאַטיק, יאָגט זיך נישט נאָך קיין סענסאַציעס און איבעראַשונגען אין דער פּאָליטיק און האָט קנאַפּ צוטרוי צו קפיצת הדרך. אין דעם פּרט איז משה שרת געווען ווייצמאַנס געטרייער תלמיד: אַנגרייטן כּוח אין ישוב, מענטשן און ווירטשאַפט, און שאַפן זיכערע רעאַליטעטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין דער גרויסער וועלט, וואָס זאָלן מאַכן אַ וועג צו דער קומענדיקער ייִדישער מלוכה.

און אַזוי זעען מיר משה שרת זייט העכער צוואַנציק יאָר אין דער ציוניסטי־שער פירונג: מייסטער פון דער סאָלידער פּאָליטישער בוי־אַרבעט, אויסבאַלאַנסירט און איינגעפונדעוועט, איינגעהאַלטן אין טאָן און אויסגעהאַלטן אין שטרעבן צום ציל. קילער קאַלקולאַטאָר, מיט שטרענגער אויסרעכענונג פון די אייגענע און פון די קעגנערישע כּוחות, מיט אָפּגעהיטנקייט פון איבערכאַפּן די מאָס. שטענדיק פילט מען אין דער האַלטונג פון משה שרת, אַז ווי אַ פּאָליטיקער פון אַ קליין לאַנד קען ער זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו מאַכן אַ טעות. דאָס איז די פּריווי־לעגיע פון די גרויסע.

אין די שווערע יאָרן ערב דעם ייִדישן וועלט־אומקום, ווען דער דייטשער גיהנום האָט געהאַלטן אין אויסברעכן און די בריטישע מאַנדאַטן־מאַכט אין ארץ־ישראל האָט מיט קאַלטן ציניזם אַנגעהויבן פּאַרלייקענען די באַלפור־דעקלאַראַציע, אָפּרייסן פון איר שטיק נאָך שטיק און טרעטן מיט די פיס אוראַלטע האָפענונגען פון אַ פאָלק אין הימלשרייענדיקער וועלט־נויט, פון אַ פאָלק אין העכסטער וועלט־שפּאַנונג — אין יענער שווערער צייט פון דער אַלגעמיינער וועלט־פּאַרטונקלונג ערב דעם חורבן איז דער יונגער משה שרת (דעמאָלט: שערטאָק) געשטאַנען אין ירושלים קעגן דעם מעכטיקן הויכקאָמיסאַר פון זיין בריטישער מאַיעסטעט, פאַר־טרעטער פון ייִדישן וועלט־טרויער קעגן אַ באַהערשער פון קאָנטינענטן, און האָט זיך געראַנגלט מיט דעם טיטאַן קעגן קאַלטע, ברוטאַלע ווייסבוך־גזרות. עס האָבן זיך געפאָדערט אין יענער וועלט־היסטאָרישער קאָנפראָנטאַציע פיינער פּאָליטישער חוש און דערצו נאַטירלעכע עלאַסטישקייט און קלוגשאַפט, כּדי צו קענען שטיין מיט כּבוד אין דעם דאָזיקן אומגלייכן פאַרצווייפלטן געראַנגל פון דעם אומגליק־לעכסטן פאָלק אויף דער ערד קעגן דער מעכטיקער אימפּעריע.

אין דער אייגענער צייט, ווען משה שרת איז געשטאַנען אין עקשנותדיקן קאַמף פאַר דער דערפילונג פון בריטישן מאַנדאַט אין גייסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַ־ציע — ביידע באַגריפן האָבן ביי היינטיקן טאָג אַ לייכטן פּרעהיסטאָרישן בייקלאַנג — האָט ער אונטער דער פירונג פון דוד בן־גוריון געמען גרייטן דעם ישוב, געלאָדן מיט אומרו און דעבאַטעס, צו דער אַנטשיידנדיקער היסטאָרישער אויפ־גאַבע. ער איז געווען דער טרייבנדיקער כּוח ביי דער שאַפונג פון דער פּריוווי־

ליקער ייִדישער בריגאַדע אין ארץ־ישראל, וואָס האָט אין ראַם פון דער בריטישער אַרמיי געקעמפט אינאיינעם מיט דער וועלט־דעמאָקראַטיע פאַר דער צעשמעטערונג פון היטלעריזם. די בריגאַדע איז דעמאָלט געווען אַן ענין פון דיסקוסיע און נישט אַלע אין ישוב האָבן פאַרמאָגט געגוג פאָליטישן שאַרפבליק, כדי תופס צו זיין איר חשיבות.

און ווען אויפן ווייטן האָריזאָנט האָבן זיך שפּעטער אָנגעהויבן זילבערן בלאַסע סימנים פון אויפגייענדיקן מאָרגנשטערן און פון דערנענטערונג פון ייִדישער מלוכהשער סוּאווערעניטעט, איז משה שרת געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן דעם באַשיידענעם אָרגאַניזאַציאָנעלן ראַם פאַר דער באַנייאונג פון ישראלס זעלבסטשטענדיקן מלוכהשן לעבן. ער האָט געשטעלט די יוגנט אונטער דער פאָן פון דער מלוכה, וואָס האָט נאָך געפלאַטערט אומזעבאַר אין יענע ציטעריקע טעג. ער האָט געפעסטיקט די אינערלעכע אויטאָריטעט פון ישוב, וואָס האָט געהאַלטן ביי פאַרלירן זיך אין ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס, צעמענטירט די נאַציאָנאַלע אַחדות כלפי פנים און כלפי חוץ, געזאַמלט כלים פאַר דער זיכערקייט פון ישוב און פאַר די קומענדיקע טעג פון אַנטשיידונג און נענטער געבראַכט דאָס פאָלק צו דער קאָנקרעטער היסטאָרישער אויפגאַבע.

אַוודאי איז דאָס אַ קנאַפּער אויפטו, צו מאַכן דעם אָנשטעל פון אַנאַליטישער חריפות: אַז משה שרת איז „אַנדערש" ווי דוד בן־גוריון — אַנדערש, זענען אַלע אין דער וועלט — אָבער טאַקע אין זיין פונדאַמענטאַלער אַנדערשקייט און אין זיין אויסגעהאַלטנקייט אויף דער דאָזיקער ליניע ליגן ווערט און וואָג פון משה שרתס פירער־פּערזענלעכקייט. דוד בן־גוריון דערוועקט אין אונדז אָפט דעם איינדרוק פון אַ תנ"כישער געשטאַלט, וואָס האָט זיך דאָ ווידער באַוויזן „פון דע־מאָלט", געלאָדן מיט אַקטיוויסטישן ברען, וואָס אָנערקענט נישט שטענדיק דעם ווידערשטאַנד פון די אָביעקטן, וואָס האָבן זיך „זייער גאַנג". אין זיין פּאָליטיק דאָמינירט דער וויזיאָנער לעבן דעם רעאַליסט און נישט אַלע מאָל ווייזט ער אַרויס דעם געפאָדערטן דרך־ארץ פאַר דער ווירקלעכקייט, וואָס שטעלט זיך אים אַנטקעגן. פאַראַנען רעאַליטעטן, וואָס זענען ביי זיך אַ ביסל צו זיכער און וואָס זייער עיקר „שליחות" איז: געענדערט צו ווערן. דאָס איז די פּאָליטישע פילאָזאָפיע פון בן־גוריונס ליידנשאַפטלעכער פּערזענלעכקייט. זיין טעמפּעראַמענט טרייבט אָפט צו צוגעשפּיצטע סיטואַציעס, וואָס מוזן אַנטשיידן ווערן: אַ דראַמאַטישע פּי־רער־געשטאַלט מיט שאַרפע קאַנטן, הינטער וועלכע עס וואַקסן אַמאָל אויס פלוצימדיקע איבערראַשונגען, וואָס זענען כלומרשט נישט געווען אין פּראָגראַם.

ביי משה שרתן איז, דאַכט זיך, נישט געמאָלט אַזאַ שפּרונג פון דער הויכער פּאָליטישער אַרענע ביז קיין שדה בוקר. זיין הייסע ליבע צום פאָלק ווערט קאָנט־ראָלירט מיט קאָפּ און דאָס קלוגע פייער פון זיין פּאָליטישן רעאַליזם טשעפּעט

נישט די אָדלערישע פליגלען, וואָס רוישן איבער בן־גוריונס ווערטער און מעשים. אָפט הערן מיר משה שרתן אין דער כנסת, אין פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, אויף אַ ציוניסטן־קאָנגרעס, אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע — ווייס איך נישט, צי איז ער דער טריבון, וואָס צעפלאַמט די מאַסן, אָבער איך בין זיכער, אַז ער איז שטענדיק באַגלויבט מיט יעדן איינציקן וואָרט און מיט יעדער פון זיינע מעשים און אַז ער דערוועקט ביי אַלעמען טיפן צוטרוי און דרך־ארץ. זיין פּאָליטישע שול איז די וועלט פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען, מיט וועלכע ער איז צענדליקער יאָרן אין נאָענטן קאָנטאַקט. אין אָט דער וועלט פאָדערט זיך קודם־כל, שטרענג אַכטונג צו געבן אויף דעם ריכטיקן מאַסשטאַב און אויף דעם פּראָפּאָרץ פון די כוחות, נישט פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס. משה שרת האָט די מאָס פון גרויסע אויסערן־מיניסטאָרן פון דער וועלט און ער גייט אַלע מאָל אויף אַ סאָלידער בריק פון פאַקטן, פון חשבון און אַחריות און גרינטלעכער קענטשאַפט פון דער מאַטעריע, וועלכע ער העלפט פורעמען. ער האַלט נישט פון גע־שטרויכלט ווערן.

# אליעזר קאַפּלאַן

ער איז געווען ישראלס ערשטער פינאַנץ־מיניסטער, שר האוצר: פאַרוואַלטער פון דעם נאַציאָנאַלן אוצר, וואָס האָט ערשט באַדאַרפט אַנטפּלעקט און באַשאַפן ווערן. ער איז געווען דער געבוירענער פינאַנץ־מיניסטער ביי ייִדן. ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין פיסקאַלישע טראַדיציע, אָבער ער איז געווען באַגאַבט מיט דעם וויזיאָנערן חוש פאַר דער ייִדישער וועלט־טראַגעדיע, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן פינצטערן אויפן האָריזאָנט, באַגאַבט מיט דעם טאַלאַנט פון אַ גרויסן מאָנער, וואָס קען שאַפן אומרו אין דער ייִדישער וועלט. ער האָט באַאומרויִקט, ווען ייִדן „חכמים", רייכע און אָרעמע, האָבן נאָך געקוקט אויף אים ווי אויף אַ בטלן מיט סטאַטיס־טיק, ווען די ייִדישע מלוכה איז נאָך געווען ווייט „אונטערוועגנס" און קיינער האָט זיך נישט דערוועגט זי אָנצורופן ביים נאָמען און אליעזר קאַפּלאַן אַליין איז געווען דער מיניסטער פון ציוניסטישן פינאַנץ־דעפיציט, וואָס איז געוואַקסן אינאיינעם מיט דער ייִדישער נויט אויף דער וועלט, אינאיינעם מיט דעם חלום, וואָס האָט קנאַפּ פאַרן מקוים ווערן זיך געהאַלטן נאָך היפּש פון ווייטנס.

פלעגט אליעזר קאַפּלאַן אַרויס איבער דער ייִדישער וועלט אין אַן עת־ צרה און „מאַכן אַ געוואַלט" אויפן אַלט־ייִדישלעכן שטייגער. איך געדענק זיינע קאָנ־פערענצן מיט ייִדישע פירערס פון גרויסע קהילות, מיט ייִדישע מאַגנאַטן, איינגע־וואָרצלטע אין וואַרשע און בוקאַרעשט, פראָג און אַנטווערפּן, פאַרפונדעוועטע מיט פאַבריקן און הייזער און פלענער פאַר אַ גרויסער צוקונפט. איך געדענק זיינע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין ייִדישע וועלט־צענטערס, ערב־מבול, געדענק דעם טרו־קענעם פלאַם־פייער, וואָס פלעגט זיך אַרויסרייסן פון זיינע פאַרצווייפלטע חשבונות און איך געדענק אויך די חכמהוואַטע טענות פון די ציניקער, רייכע און אָרעמע, אָנגעזאָפּט מיט תליה־הומאָר. זיי אַלע האָבן זיך געפילט גוט איינגעאָרדנט אין זייערע אָפּגרונט־פּאָזיציעס, צונויפגעלעבט זיך אין עושר און אין כבוד און פאַסיקע אידעאָלאָגיעס מיטן ראַנד פון אומקום — ווילן זיי נישט פאַרליידן, אַז איינער זאָל דאָ קומען און אָנמאַכן אַ פּאַניק אין זייער צופרידענער זאַטקייט: צייט!... מ'וועט נאָך זען...

און אַוודאי איז אליעזר קאַפּלאַן געוואָרן דער גרויסער מאָנער — און איצט

שוין מיט אַנדערע מיטלען — ווען די ייִדישע מלוכה איז שוין געווען ביי זיך אין דער היים און פּאָרט נאָך אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. פּלעגט ער אַרויפלייגן די שווערע האַנט פון אַ געטרייעם פּאָטער, אַ באַלעבאָס, וואָס פאַרוואַלטעט מיט האַרץ, אויף איינעמס פאַבריק און אויפן אַנדערנס „אַ ביסל אָרעמקייט״, וואָס האָט זיך אויך נישט צו שעמען, געמאָנט און „גענומען״ מסתמא נישט דערנומען און אפשר ווידער דאָ און דאָרט איבערגעכאַפּט די מאָס — האָט ער אָבער איבערגעכאַפּט די מאָס קודם־כל ביי זיך אַליין. ער האָט אַרויסגעצויגן פון זיך אַליין דעם דם התמצית און אויסגעשעפּט ביזן גרונט אַלע זיינע כוחות.

ער האָט קיינמאָל נישט פּרעטענדירט אויף „באַליבטקייט״. באַליבט זענען טענאָרן און דעמאַגאָגן — קאַפּלאַן אָבער האָט נישט „גענומען״ מיט קיין רעטאָרישע קונצן. ער האָט נישט געגלאַנצט און נישט געחנפעט דעם המון און ביי זיין נאַטירלעכער פּערזענלעכער האַרציקייט האָט ער פונדעסטוועגן זעלטן אַ שמייכל געטון. אָט, דאַכט זיך, וועט ער ביי זיך פועלן און שוין מאַכן ענדלעך אַ פריינטלעכע מינע — נייִן, נישט איינגעגעבן. ער האָט אויף דעם שמייכל קיין „דעקונג״ נישט געהאַט. ער האָט געוווּסט: צו די פאַרשיידענע אויפגאַבן, וואָס ליגן אויף אַ פינאַנץ־מיניסטער אין ישראל, מוז ער נעמען אויף זיך נאָך אַן עול: ער מוז זיך לאָזן פיינט האָבן. קיינער האָט נישט קיין חשק צו צאָלן שטייערן און דער פּאָפּולערער רעפריין פון אַלע אויסגעקרעכצטע באַלעבאַטישע חשבונות איז אַלע־מאָל געווען: „קאַפּלאַן רייסט״. ייִדן האָבן ליב אַ קאָנקרעטן אַדרעס פאַר אַלע זייערע פּאָליטישע טענות און תרעומות — איז קאַפּלאַן, דער סאָציאַליסטישער פינאַנץ־מיניסטער, געווען איינער פון די באַליבטע האַס־אָביעקטן אין ישראל. דערביי האָבן אים אַלע געגלויבט, אויך די פּאָליטישע קעגנער, און אַלע האָבן געהאַט דאָס געפיל: דאָס געלט, וואָס קאַפּלאַן „נעמט״, איז אין גוטע הענט. מען זעט דאָס אַרבעטן אין לאַנד, מען פילט דאָס ביי די אויפטוען, וואָס ווערן דערגרייכט.

לאַנגע יאָרן פלעג איך זען אליעזר קאַפּלאַנען אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן און אין דער כנסת, אין ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, אויף פּאָלקס־מיטינגען און אין געשלאָסענע באַראַטונגען, אַלעמאָל איבערגעבויגן איבער שווערע פּולע טעקעס מיט קאָמפּליצירטע חשבונות פון הוצאות און הכנסות און געזיכערטע דע־פיציטן. ער איז לאַנגע יאָרן געווען דער מענטש פון די ציוניסטישע בודזשעטן; אַ האַרבע וויסנשאַפט, וואָס האָט אַ סך צו טון מיט בוכהאַלטעריע של מעלה. האָבן מיר אַלעמאָל געהאַט רעגולערע בודזשעטן און אַזויגערופענע „אויסערגע־וויינלעכע״ פאַר אַ נויט — און ווען איז ביי ייִדן נישט קיין נויט! — פלעגן קאַפּלאַנס אויסערגעוויינלעכע בודזשעטן גאָר גיך ווערן געוויינלעכע און שטענדיק פלעגן צוקומען נאָרמאַלע צוגאָב־בודזשעטן צו די באַזונדערע הוצאות, אויפגעבויט אויף די רעגולערע הכנסות, וואָס מען האָט נישט.

האָבן מיר אין ישׂראל אין די לעצטע יאָרן אָפּט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער וועט די שווערע לאַסט נישט דערטראָגן, אַז די פּלייצעס, ברייטע פֿון דעם היים, וועלן זיך אַ וואַקל טון און איינברעכן. אליעזר קאַפּלאַן אָבער האָט דעם עול גע־טראָגן ביז צום לעצטן מאָמענט. ער האָט געפֿירט שטרענגע באַלעבאַטישקייט אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון אידעאַליסטן, וואָס האָבן געמאַכט די ציוניסטישע רעוואָלוציע אין דער ייִדישער וועלט און וואָס זייער גאַנץ לעבן איז געווען אין ליידנשאַפֿט־לעכער אויפֿשריי קעגן גערעכטן־שאַבלאָן און אויך קעגן די פֿאַרהייליקטע רעגלען פֿון דער אַריטמעטיקע. דער עמק און דער נגב, אין שלום און מלחמה, האָט אָפּגע־פֿרעגט אַ סך אַנגענומענע אמתן און געוויזן דעם וועג פֿון מעגלעך־מאַכן דאָס אומ־מעגלעכע. אָבער אליעזר קאַפּלאַן, אַוועקגעשטעלט אויף אַן אָרט, וואָס פֿאָדערט קאַלטע קאַלקולאַציע אין סאַמע מיטן רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם, האָט אויסגע־קליבן פֿאַר זיין אַרבעט דעם וועג פֿון רעוואָלוציאָנערן טריט ביי טריט.

רייסט זיך אַריין אַבֿרהם האַרצפֿעלד אין פֿינאַנץ־ביוראָ פֿון דער ייִדישער אַגענץ אין ירושלים — ציוניסטישער אימפּעט מיט ווייסן קאָפּ און העזהדיקן פֿלאַקער אין יונגן האַרץ: ער מוז שוין קויפֿן ערד ערגעץ ביי אַן אַראַבישן שבט, וואָס וועט מאָרגן נישט פֿאַרקויפֿן... ער מוז שוין גראָבן אַ ברונעם און קויפֿן אַ טראַקטאָר און אַוועקשטעלן אַ נייעם קיבוץ דאָ אָדער דאָרט ביי דער גרענעץ; ער מוז און ער מוז... קומט ער צו קאַפּלאַנען קלאַפּן אין טיש. האַרצפֿעלד האָט אַלע־מאָל אַ פּראָיעקט, וואָס „בעט זיך" און צו יעדן פּראָיעקט זיין איינציקן פּראַקטישן אויספֿיר־מעטאָד: מיטן קאָפּ דורך דער וואַנט. קומען שליחים מיט סכנת נפֿשות, אַרויסגעריסן פֿון נאַצי־גיהנום אין דער צייט פֿון מלחמה, און פֿאָדערן, מען זאָל שוין קויפֿן שיפֿן, שוין אַרויסשיקן מענטשן מיט געלט און מיט „כלים", פֿאַר־שטאַרקן די אומלעגאַלע עליה און ראַטעווען ייִדן פֿון אומקום — קומט מען גלייך צו קאַפּלאַנען, אַלע קודם צו אים. אַלץ מוז מען טון שוין און נאָך גיכער — און אליעזר קאַפּלאַן, וואָס האַלט אַליין אויך פֿון ברענענדיקן „שוין" און „מוז", מוז אָבער פֿירן אַ קאַלטן חשבון אין סאַמע מיטן פּאַטאָס און הימלגעשריי.

דערמאָנט דאָס מיך אין אַ יום־טובדיקער חבֿרה חסידים אין קלויז, וואָס הוליעט פֿאַרדבקהט אין צערודערטן זעלבסטפֿאַרגעסענעם קאַראַהאָד און שלעפּט אַריין אין דער צעטאַנצטער ברויזנדיקער התלהבֿות איינעם אַ חסיד אַ למדן, וואָס איז פֿאַרטון אין „חשבון" און דאַרף גראָד אין סאַמע יום־טובֿ לערנען אַ האַרבע סוגיא און צולייגן קאָפּ — בשעת יענע זענען פֿריי פֿאַרטראָגן הויך אין די הימלען; נאָר יום־טובֿ — און מער גאָרנישט. טאַנצט ער אין קאַראַהאָד, אַ שווער־געפֿענטע־טער, און האַלט באַלעבאַטישקייט פֿון שטרענג־געמאָסטענע טריט ביי טריט אין סאַמע מיטן ליידנשאַפֿטלעכן אויפֿברויז. דאָס איז געווען אליעזר קאַפּלאַן.

# יוסף שפּרינצאַק

ער האָט אַ שם ווי איינער פון די קלוגע ייִדן פון דער באַוועגונג: כּמעט אַ פּאַך. פאַראַן אין דער ציוניסטישער היעראַרכיע פּאָליטיקער און עקאָנאָמיסטן, טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער, דיפּלאָמאַטן און טריבונען — און איינער איז סתם אַ קלוגער ייִד, און אפשר גאָרנישט אַזוי „סתם". יוסף שפּרינצאַק האָט אַנט־וויקלט אין זיך דעם זעלטענעם טאַלאַנט צו מאַכן געברויך פון זיין אייגענעם שכל. דאָס איז נישט אַלעמאָל באַקוועם און פאָדערט אָפט קרבנות. אונדזער תּקופה געהערט צום ספּעץ — כאָטש דווקא וועגן אים חכמהט זיך דער סקעפּטיקער: אַ ספּעץ איז אַן עקספּערט אויף אומוויסנהייט אין איין סעקטאָר — און דאָס, וואָס ער ווייסט נישט, איז זיינס. בין איך נישט בחוייב מיטצומאַכן די דאָזיקע חכמה. פאַרטיפט זיך איין ספּעציאַליסט אין דער אויספאָרשונג פון זיין ווינקעלע און אַן אַנדערער קערט וועלטן מיט אַ שטויבעלע גאָרנישט און הייבט אויף אַ שפּיצל שלייער פון אַ זאַך, וואָס האַלט ערשט אין ווערן סוד — און אַלע אינ־איינעם האָבן אַ טבע, אַז זיי דערזען נישט דעם גרויסן עיקר, דעם מענטש — וואָס זשע טויג די חכמה?

דער קלוגער ייִד איז אַן אינסטיטוציע פון אַ פריערדיקער תּקופה, ווען די בהלה איז נאָך נישט געווען אַזוי גרויס און מענטשן האָבן געהאַט מער צייט צו לעבן אין מער הרחבת הדעת, דער געדאַנק האָט נאָך נישט אָנגעטון קיין מונדיר, און זייענדיק אַלע אינאיינעם, האָט יעדער געמעגט האָבן אַן אייגענעם פּנים. עס זענען געווען ווינציקער פירערס און מער לערערס, ווינציקער רעדעס און מער שמועסן און אויפן אָרט פון דער טריבונע שטייט אַ טיש. דער טיש דערנענטערט. האָט יעדער שמועסער אַ פּאַרטנער, וואָס קומט אויך צום וואָרט, און איינער האָט דעם רצון צו זען דעם אַנדערן, און דעם כּוח אים צו הערן. און יעדן איינעם איז צוגעקומען אַ שטיק לעבן פון דער חברותא אין איין אידעע.

מיר קומט אויס, אַז יוסף שפּרינצאַק, אויסגעוואַקסן אין אונדזער וועלט פון מאָרגן, האָט אין זיך נישט ווינציק לעבעדיקע עלעמענטן פון יענער תּקופה פון

בעכטן — און ביידע וועלטן האָבן פּלאַץ אין דער נאַטירלעכער רחבות פון זיין פּערזענלעכקייט. ער לעבט כמעט זיין גאַנץ לעבן „פּלענאַר", אין פולער עפנט־לעכקייט, אָבער ער איז געבליבן אינטים, אין אַן עפּאָכע פון סטאַנדאַרטן. אַ סך טומלען אויף דעם נאַטירלעכן הינטערגרונט פון זיין פּאָליטישער גוטמוטיקייט. „פּשרה־גייסט"! — ליאַרמען די „באַריקאַדיסטן" און זיי לייגן אַריין אין דעם דאָזיקן משפט דעם גאַנצן סאַרקאַסטישן ביטול, אַזוי לאַנג מען מאַכט נישט קיין פּשרות מיט זיי אַליין. דעמאָלט וואָלט דאָס מסתמא געווען „וועלט־אָנשויונג".

אין האַרטע, נישט אַלעמאָל פּרוכפּערדיקע, דעבאַטעס, אינטערוועניִרט שפּרינצאַקס וויכקייט ווי אויסגלייכנדיקע לייטישקייט. צומאָל איז דאָס וויכקייט מיט עקשנות: אויף איר שטייגער אַ פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמף־אינסטרומענט. פון וואַנען נעמט זיך די לעגענדע וועגן שפּרינצאַקס וויכקייט? אפשר איז אין דעם שולדיק זיין הומאָר. אַמאָל מישט זיך אַריין דער הומאָר און היט אָפּ זיין פּאַטאָס פון פאַלשער מאָס. און אַמאָל פּראַוועט ער פּאַרלאַמענטאַרישן אויבנאָן מיט אַ לייכטן קנייטש פון שיחת־חולין מיט דרך־ארץ, העלפט אַרויס דעם אָנגעווייטיקטן פּלאָנטער מיט אַ ווערטל און מיט אַ „זאָג", וואָס קלינגט מאָדנע ייִדיש אויף עברית, ד"ה, ייִדישלעך. ייִדישלעך איז אויך זיין פּאַרליבטקייט אין אחדות, וואָס איז אין הייַנטיקע מיליטאַנטישע צייטן היפּש פּאַרדעכטיקט און אַרויס פון דער מאָדע. קודם כל אחדות צווישן די יסודות פון זיין לעבנס־אמונה: אהבת ישראל און סאָציאַליזם — אָן מוקדם ומאוחר. ער האָט אַריינגעלייגט אַ סך ליבשאַפט אין דער שאַפונג פון דער כנסת, ווען דער גלאַנץ פון פּאַרלאַמענטאַריזם איז בלאָס געוואָרן אויף דער וועלט און מיר ייִדן האָבן אָנגעהויבן שטעלן ערשטע שווערע טריט אין מלוכהשער דעמאָקראַטיע. ער האָט דעם גרעסטן חלק ביים אויפבוי פון ישראלס געזעצגעבערישן אַפּאַראַט און ביים אויספורעמען דעם א״ב פון זיין נאַציאָנאַלן סטיל — אָבער קודם־כל איז זיין זאָרג געווידמעט דער אַטמאָספערע פון הויז.

ער איז דער געבוירענער פּאָרזיצער — און וואָלט איך געווען אַ סקולפּטאָר, וואָלט איך אויסגעהאַמערט אַ קאָמבינירטע פיגור: שטענדער און ישוב הדעת — אַיין מאַסיווער בלאָק. זייט איך אָבסערוויר יוסף שפּרינצאַקן ביי דער געשטאַלטונג פון אונדזער עפנטלעכן לעבן אין גלות און אין ישראל, אויף הסתדרות־און פּאַרטיי־קאָנפערענצן, אויף לאַנד־כינוסים און ציוניסטישע קאָנגרעסן, און די לעצטע יאָרן אַלס פּאָרזיצער פון דער כנסת — אַלעמאָל זע איך אים לייכט אַריבערגעבויגן איי־בערן שטענדער און איינגעהאָרכט אין זאַל, אין יעדן וואָרט, וואָס קומט פון רעכטס צי פון לינקס, און וואָס ער וועגט שוין אָפּ אונטערוועגנס, נאָך איידער עס דערגייט צו אים, זוכנדיק אין אים דעם קערנדל פון אמת. ער איז אויסגעוואַקסן איינײַנעם מיט דער באַוועגונג, ווען זי איז נאָך געווען משפּחהדיק־היימיש; ער קען אַלע רעד־נער, אַלע נוסחאות, אַלע באַהאַלטענע כוונות און האָט פיינט גענאַרניקעס.

אין מיינע יונגע יאָרן האָב איך געהאַט אַ ראש ישיבה, וואָס פלעגט ווי ווייט מעגלעך זיך אָפּהאַלטן פון זאָגן אַליין אַ שיעור, כדי נישט אַריינצופאַלן אין גדלות. איז ער געזעסן צווישן די תלמידים אויבנאָן, כולו לומדישער געוויסן, און האָט זיך איינגעהאָרכט מיט אַלע חושים אין יעדער תנועה, אין יעדן בויג פון דעם צעשאָקלטן־צעזונגענעם וואַלד איבער די גמרות. מער ווי ער האָט געהאַלטן השגחה, איז ער מיט זיין אייגענעם שווייגנדיקן דרך ארץ פאַר דער תורה געווען מורה דרך און האָט מחזק געווען דאָס ערלעכע גיין אַליין. .

נישט איינמאָל טרעפט, אַז די כנסת „קאָכט“ זיך און אַמאָל דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט, דער קאָנגרעס, די הסתדרות־קאָנפערענץ אָדער דער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר. די פּראָבלעמען דראַפּען זיך איינער אויפן אַנדערן און קיין טעמפּעראַמענטן פעלן נישט ביי ייִדן און די צייט איז „אַזאַ גרויסע“ און יעדע שעה אין אונדזער לעבן אַקוראַט „צוועלף“ — זיצט שפּרינצאַק אויבן אויפן פּאַדיום, איינגאַנצן גע־זאַמלט און „גרייט“, און „פאַרוואַלטעט“ מיטן שטורעם. ער פאַרגלעט אים נישט און זעלטן בייזערט ער זיך — אָבער ער פּרוּווט אַריינברענגען אַ טאָלק אין די „כוואַ־ליעס“ און אויסמענטשלען די „אור־עלעמענטן“. אָט יאָגט זיך פאַרשפּעטיקט נאָך איינע אַ כוואַליע, וואָס דאַרף אויך בושעווען — וועט ער איר חלילה פאַרווערן? ער פּרוּווט נאָך אַריינקנייטשן דיסקרעט אַ מילדן שמייכל צווישן די ברוגעזע „פּרינ־ציפּן“. אוודאי האַלט ער נישט, אַז ייִדן ביי היינטיקן טאָג, אין ישראל אָדער אין גלות, קענען שוין אויסקומען אינגאַנצן אָן מחלוקת — וואָס פּלוצים? דערצו האָבן מיר פון ייִדישן גורל צו ווינציק געלערנט און צו פיל פאַרגעסן — אָבער עס גייט אים וועגן זיכערן אַ מינימום שלום־בית ווי אַ מין שותּפותדיקע „אָפּעראַציע־באַזיס“ פאַר רויִקע רייסעניש. עס איז פּשוט טעכניש נישט מעגלעך, צו קריגן זיך מיט דערפאָלג אין אַן אַטמאָספערע פון רוגזה.

אין זיין פּערזענלעכקייט זענען אָפּן קאָנטאַקט־פּונקטן, דורך וועלכע עס בינדן זיך פּשוטע, אוממיטלבאַרע מענטשלעכע באַציִונגען, וואָס פאַרזיכערן אים מיט אַ צושטראָם פון פאָלקסטימלעכקייט נישט נאָר אין די הפסקות צווישן די אייניציקע קאַפּיטלעך היסטאָרישקייט. מען „גייט אַריין“ צו שפּרינצאַקן און אַמאָל „שיקט ער רופן“ צו זיך אויך מחוץ די ענינים פון דער עפנטלעכקייט. ער איז געזעלשאַפטלעך נייגעריק און עס שטייט אים אָן צו וויסן מענטשלעכע ענינים, אַפילו ווען זיי ווערן נישט געבראַכט אין „פּראָטאָקאָל“. ער האָט ליב אַרויסצוטרעטן מיט אַ „ברכה“ אַמאָל פאַר יוגנט אָדער פאַר אַ גרופּע קינסטלער, צווישן אַ שבט נייע עולים אָדער אויף אַ שמחה פון בעלי מלאכות — עס איז קיינמאָל נישט קיין קילע, גלאַטיקע „לייטזעליקייט“, וואָס „נידערט אַראָפּ“ און ווערט באַלד נעלם. זיין בייזיין איז באַגלויבט.

אַנדערע צעפּלאַמען אַ מיטינג, אָבער שפּרינצאַק קען אים דערוואַרימען. — און עס בלייבט אויסגעהאַלטענע וואַרעמקייט מיט דעם גוטן ריח פון געטריישאַפט. אין דער יעראַרכיע פון גרויסע בעלי־תפלה ביי ייִדן איז שפּרינצאַק אַ בעל־נעילה: דער גרויסער חשבון איז פאַנאַנדערגעוויקלט און די שווערע עבודה איז אָפּגעטון. אָבער מען דאַרף נאָך בלייבן אינײנעם און אָפּהיטן, עס זאָל נישט עפּעס קאַליע ווערן אין דער לעצטער רגע. און כאָטש נעילה האָט, ווי אַלע גרויסע תפלות, אַן אַלטן איינגעשטעלטן נוסח פון קדמונים, זענען אָבער אמתע „זאָגערס" מחדש שטייגער און עס קומט אָפּט אַרויס אימפּראָוויזירטע געדאַווענטע „קאָזעריע". — אַלץ איינס צי פאַרענדיקט שפּרינצאַק א שווערע סעסיע פון דער כנסת, אַ גרויסן קאָנגרעס, אַ האַרבן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. ס'איז אינטימע פייערלעכקייט. און פון די רייד איז געבליבן געלייטערטע אַטמאָספערע.

# ישראל, דער יִידישער שרייבער און די יִידישע וועלט*)

...אַוודאי איז דאָס נישט קיין צופאַל, וואָס די טעמע פון היינטיקן סימפאָזיום איז אַ דריי־גאָרנדיקע. זי איז נישט קיין אויסגעטראַכטע. די דאָזיקע דרייקייט איז איינגעקלעמט מיט לייב און לעבן אין דעם כאַאָס פון אונדזער צייט, אין איר אומרו, אין איר פאַריאָגטער שטופּעניש פון באָמבעס און פירערס, אַטאָמען און וואַסערשטאָף־כּלים, אויף וועלכע איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געוועזן געריכט, אַז זיי מיינען דאָס טאַקע מיטן רעכטן אמת, מיטן רעכטן הימל־און ערד־שרייענדיקן וועלט־שקר. די וועלט איז אָנגעשטאָפּט מיט טויט־מאַשינעס און אין דער ענגשאָפט איז געבליבן ווינציק פּלאַץ פאַר דעם יִידישן מענטש אויף דער וועלט. דערציילט מען, דאַכט זיך, וועגן אייזיק מאיר דיק: אַז ער איז געוואָרן בר־מצווה און האָט באַדאַרפט חתונה האָבן, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל געגרייט פאָרן צו דער חופּה אין שכנותדיקן שטעטל פון דער כּלה. זענען געשטאַנען די גרויסע בוידן און די בעלי עגלות מיט בערד און בייטשן, האָבן אַריינגעשטאָפּט אין די וועגענער נאָך מחותנים און שני בשלישים און קלעזמערס און סאַרווערס און שוואַרצע פאַנען געבראָטנס. נאָר דעם חתנדל האָט מען פאַרגעסן אין דער בהלה פון די איבערגעשטאָפּטע וועגענער.

וואָס־זשע איז מיטן יִידיש־שרייבער נאָכן אומקום פון דער יִידיש־וועלט? אומגעקומען זענען דאָך נישט בלויז די יִידיש־יִידן, די לייענערס פון יִידישן בוך, פון יִידישן בלאַט, די יִידיש־רעדערס. אין קראָמען, וואַרשטאַטן, פאַבריקן, אין מאַרק און אין קלויז, אין פאַרצייטיקע חדרים און אין צישאָ־שולן, אויף מיטינגען און אין יִידישן טעאַטער. אומגעקומען איז דאָך אויך דער שעפערישער מיטאָס פון יִידיש,

*) שמועס אויף אַ סימפּאָזיום, איינגעאָרדנט דורכן יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַריין אין תל־אביב, פסח 1954. עס האָבן זיך באַטייליקט: אברהם סוצקעווער, דוד פינסקי און דער מחבר.

די מאַטיוון־וועלט, די אַטמאָספער, די שוואַרץ־ערד פון ייִדיש של מעלה, וואָס האָט געגעבן כוח דעם ייִדיש־שרייבער, האָט אים אויסגעטיילט און געשפּייזט מיט אייגנס, מיט אומרו פון אייגענעם גאָרטן, מיט אַן אייגענעם באַרג סיני פון ייִדיש אין אַ וועלט פון גויִים און הירזשענדיקער טומאה. ווי־זשע איז היינט, אין דער חרובֿ־געוואָרענער ייִדיש־וועלט, דער מיסטישער קראַפט־צענטער, פון וועלכן דער ייִדיש־שרייבער זאָל ציִען יניקה? ווי לאַנג קען אַ שרייבער לעבן פון זכרונות? ווי לאַנג קען אָנהאַלטן אין דעם אַמעריקע־ייִדיש דער רוח הקודש פון ייִדישקייט, וואָס איז דאָרט אפשר נישט אונטערגעגאַנגען, אָבער זיכער אַוועקגעגאַנגען, אַזוי צו זאָגן: רוח הקודש אין איבערזעצונג?

אַמאָל איז דער ייִדישער שרייבער אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע, געוואָרן אַרומגערינגלט מיט ייִדישע געשטאַלטן און סוזשעטן, מיט שבת פון ייִדישן אינדער־וואָכן, מיטן ייִדישן גורל און ייִדישער לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך „נישט געמישט" מיט דער גוישער. און דאָס אַלץ האָט זיך אַריינגעשריבן וואָרט ביי וואָרט אין זיינע שורות. אָט זענען גבֿירים און אָרעמע לייט, יונגוואַרג מיט ליבעס און פּראָבלעמען, חלוצים און בונדיסטן, מנחם מענדל און באָנטשע שווייג, האַרעפּאַשניקעס, אויפֿ־טוערס און פאַרחלומטע שלימזלניקעס, ייִדישע סקלאַדעס ווי פעסטונגען און צערויבטע ייִדישע סטראַגאַנעס אין די שטעטלעך, פּריצים און וועלדער און צע קריגטע שותפים, וואָס פאַרגעסן שבת צונאַכטס נאָך הבדלה דעם זיידנס צעטומלטן, קיילעכדיקן טיש אונטערן ווייסן בליצלאָמפּ. זיצט ביים טיש אויך אליהו הנביא, ער אַליין, אַ היימישער אָרימאַן, אַ גייער, און דאַכט זיך, דער רבוש'ע פּערזענלעך איז אויך אַן אַריינגייער אין ייִדישע שטיבער. דאָס איז געווען דער אינטעגראַלער איניינעם פון באַרג סיני ביז צו דער ווייסל, שטאַרק געדיכטע ייִדישקייט, וואָס האָט געברענט און געלויכטן אין ייִדיש־שרייבער, אים געגעבן צו זען און צו זאָגן, צו טרויערן און צו שמייכלען, אים געשאַרפט און געצייטיקט און געמאַכט פאַר אַ שרייבער. דאָס אַלץ איז געווען לעגיטים און עכט, נישט אַנטליִען ביי קיינעם, נישט נאָכגעמאַכט. דאָס איז דער פענאָמען ייִדיש. און איך קען איינעם אַ שרייבער אין ישראל, וואָס שרייבט אפילו ייִדיש אויף עבֿרית. דאָס איז ש. י. עגנון, דער מייסטער פון דער העברעיִשער פּראָזע.

איך בין נישט קיין היסטאָריקער און איך ווייס נישט אַקוראַט, ווי אַלט ייִדיש איז, און אוודאי נישט, ווי לאַנג ייִדיש וועט לעבן. איך האָב די טעג קוים געפּועלט ביי זיך אַ שמייכל צו טון, ווען איך האָב אין אַ תל אבֿיבֿער צייטונג געלייענט אַ רעצענזיע וועגן אליעזר שטיינבאַרגס איבערגעזעצטע משלים אויף עבֿרית, אין וועלכער דער כאַפּעדיקער רעצענזענט האָט באַוויזן אין אַ האַלבן זאַץ אַ זאָג צו טון אויף זיכער, אַז „די טעג פון ייִדיש זענען געציילטע". ער ווייסט דאָס, דער האַלבער נבֿיא. כנענים פון דער תל אבֿיבֿער אַרטיסטן־קיבעצאַרניע קענען בכלל לייכט באַ־

שטיק, אויסצומעקן פון נצח ישראל אַזאַ שטיק לעבעדיקע ייִדישקייט ווי קאַרגע טויזנט יאָר ייִדיש. אַליין אָפּגעריסענע, אָרט זיי נישט, די כנענים, אָפּצורייסן אַ שטיק הייסן, פֿאַרביקן גייסט פון ייִדישן וועלט־אָרגאַניזם. אָבער איך זע אָפּגעריסענע אויך אויף דער אַנדערער זייט, אָפּגעריסענע און ברוגזע. איך מיין די כנענים פון מיליטאַנטן ייִדישיזם, וואָס פּרעדיקן „המשך“ אין ניו יאָרק און בוענאָס איירעס, אין מעקסיקע און אויפן פּאַריזער „פּלעצל“ און רייסן זיך אַליין אָפּ פון דער אייביקער המשכדיקייט, פון דעם לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט דעם ווייטן אַמאָל, וואָס דערנענטערט זיך און ווערט ה יי נ ט אין ישראל, פון דעם אורקוואַל, וואָס קומט צוריק.

אין דער „דאָיִקייט“, וואָס ווערט געפּראַוועט דאָרטן, איז דער אידיש־שרייבער געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. איך מיין, אַז דער ייִדישער שרייבער ביים היינטיקן טאָג, אין ישראל צי אין ניו־יאָרק, אויף העברעיִש אָדער אויף ייִדיש, וועט ניט דערפילן זיין שליחות, אויב ער וועט זיך נישט קניפּן אָרגאַניש מיט יענעם פּענאָמען פון נאַציאָנאַלן כוח, מיט יענער לאַנדשאַפט, מיט יענעם גייסט, וואָס האָט אויפגעפּייערט אַמאָל אין מדבר, ווו מיר זענען געווען אין דער ערשטער היים. אָט אין יענעם נגב, אין שכנות פון באַרג סיני, פון וואַנען מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער טראַגישע וועלט־קאַריערע. מיר זענען צוריקגעקומען קיין ישראל נישט ווי אימיגראַנטן און נישט סתם צו גרינדן אַ לאַנד און זיין „דאָיִקע“. מיר זענען צוריקגעקומען מיט דער שליחות צו באַנייען פון דאַנען אויס ייִדישע גרויסקייט אויף דער וועלט. לאָזט מיר זאָגן דאָס פּאַטעטישע וואָרט. נאָך דעם אַלעמען, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אין טראַגישן געראַנגל, קומט אונדז דער דאָזיקער נייער אָנהייב. דאָס הייסט נישט, אַז מיר זענען געקומען אַהער „ווינען“ און קאָנטינויִרן דאָס, וואָס מיר האָבן פּריִער געטון אין גלות. לאָזט מיר זאָגן גלות און נישט תפוצות: גלות איז היימישער, נענטער. עס טוט מער ווי. האָט אַמאָל געזאָגט אַ גוטער ייִד: אין דעם טאָג, ווען איך פיל נישט קיין האַרצווייטיק, בין איך אַ פאַרלוירענער. אָבער צו שאַרפן האַרצווייטיק דאַרף מען כוח. מיר אין ישראל האָבן אַנטפּלעקט אין זיך נייע כוחות צו דעם דראַמאַטיש־תנכישן געדראַנג, וועלכן מיר לעבן דאָ איבער ביי היינטיקן טאָג. דאָס איז די באַנייונג פון ייִדישן פאָלקס־פּאַטאָס. איך זע נישט, פון וואַנען אַ ייִדישער שרייבער קען ביים היינטיקן טאָג שעפּן שעפערישן ענטוזיאַזם און גלויבן און אומרו און געפיל פון שליחות, אויב נישט פון ישראל.

אַמאָל האָט דער ייִדישער שרייבער געהאַט אַ חזקה אויף געזיכערטער צעריסנקייט אין צוויי וועלטן: די אַרומיקע, גוישע וועלט און די וועלט פון ייִדיש בלוט, דערפון האָט ער געלעבט גייסטיק. דער געראַנגל צווישן די צוויי וועלטן איז געוואָרן ליטעראַטור. איינגערעדט האָט מען זיך, אַז ס'איז פאַראַנען אַ „סינטעז“. דערצו איז צוגעקומען די האָריזאָנטאַלע דימענסיע: אַ וועלט מיט ייִדיש. די דאָזיקע וועלט

איז אונטערגעגאַנגען. בלייבט דער ווערטיקאַלער אַרויף: צו די לעבעדיקע ייִדישע יאָרטויזנטער.

נישט לאַנג צוריק בין איך געווען ביים ים סוף, ביי דעם פּסחדיקן ים, דורך וועלכן מיר זענען נאָר וואָס אַרויס פון מצרים, מיר אַלע. אויפן הינטערגרונט איז דער באַרג סיני. גיסן זיך נאָך אַלץ פלאַמען פון „אש דת״, ווייסע אויף שוואַרצע פלאַמען, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעגליט דער גורל־בונט פון ייִדישן פאָלק מיטן גייסט: ערשטע באַגעגעניש אויף אייביק.

איך האָב געפילט נייעם גורלדיקן גערודער אין דער חומשדיקער לאַנדשאַפט. איך האָב געזען ייִנגלעך אונדזערע ביים ים סוף און איך האָב געזען נישט ווייט די שטיינער, אויף וועלכע יעקב איז געלעגן. זיי זענען היינט מגולגל געוואָרן אין פּאָספּאָטן. מיסטישע פּאָספּאָטן זענען זיי אַמאָל געווען. היינט — פּראָסטע: אויך גוט, און איך האָב געפילט אין דער לופט רעשטלעך פון יעקב אבינוס געראַנגל מיטן מלאך, וואָס איז אין משך פון די דורות געוואָרן דער ייִדישער אור־ספּאָרט: געראַנגל פאַר דער ברכה. דאָס טוען מיר היינט פונסניי, דאָ, אויף דער אייגענער ערד.

איך האָב דערפילט אונטער דעם דאָזיקן הימל די באַנייונג פון ייִדישן פאָלקס־מיטאָס. דאָ איז דער ריכטיקער אָרט פאַר אונדזערע נייע מעשי בראשית. וואַרטן דאָ, די ערד און דער גורל, וואַרטן אויף אַ בעלן — און מיר זענען דער איינציקער אָפּנעמער פון דעם גורל פון נישט־דערפולטער גרויסקייט, וואָס רייסט זיך אַרויס פון כאַאָס. דערווייל וואַקסט נאָך דער כאַאָס. עס איז אַ גוזמא, וואָס דער חומש דערציילט, אַז אין זעקס טעג האָט גאָט באַוויזן צו באַשאַפן דעם גאַנצן כאַאָס. ער איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק. און די עשרת הדיברות זענען נאָך אויך נישט פאַר־ענדיקט. זיי האָבן געלאָזט היפּש פּלאַץ, נאָך צוצוגעבן. בין איך זיכער, מיר וועלן צוגעבן נאָך און נאָך. דעם בערדיטשעווערס דין תורה מיט גאָט און גאַנץ פּרץ וואָלטן נישט געמאָלט געווען אָן דעם אור־משל פון משהס ערשטער באַגעגעניש פּנים אל פּנים מיט גאָט, אָט אין דער לאַנדשאַפט. דאָס איז די באַגעגעניש, וועלכע האָט געשפּייזט נישט נאָר אונדזער ליטעראַטור: דיאַלאָג פון מענטש מיטן גורל.

און ווען איך לייען טאָמאַס מאַנס טרילאָגיע וועגן יוסף מיט די ברידער, מיט די שבטים, האָט איך דאָס געפיל, אַז די בונטע פּאַנאָראַמע פון תנכישע געשטאַלטן, וואָס דער שרייבער האָט דאָ אַרויסגעפירט, איז געגליכן צו אַ עפּישן וואָלקנקראַצער, וואָס אַ גביר, אַ פרעמדער, האָט אויפגעבויט אויף דעם פּלאַץ, ווו דעם זיידנס שטיבל איז געשטאַנען. האַלט איך נישט פון דער ראָמאַנטיק, אַז מיר דאַרפן דאָ אויפשטעלן פונסניי דעם זיידנס שטיבל. מיר קומען מיט טראַקטאָרן און בולדאָזערס און בוי־מאַשינעס — אָבער די דאָזיקע אַלע כלים גייען אויס נאָך רוח־הקודש.

איך בין מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אויף אַ כינוס פון העברעיִשע שריי־בער ערגעץ אין די בערג פון ירושלים. דאָס איז געווען אַזאַ מין סוכה, אויפגע־

שטעלט פון פּלאַכטעס און דרענגלעך און ירושלימער באַרג־ווינטן. עס איז געוואָרן טונקל און איך האָב געזען שאָטנס פון די בערג הינטער די פּלאַכטעס. דאַרף מען נישט קיין פּאַטענט אויף וויזיע, כדי צו זען אין די בערג פון יהודה ישעיהו הנביא, אים פערזענלעך, מיט די הילצערנע סאַנדאַלן, מיט דעם צעפלויגענעם בורגוס, מיט דעם ברענענדיקן קאָפּ — און איך האָב מיר געטראַכט: אָט אַ ייִדישער שרייבער.

מיר זענען געווען אַמאָל אַ פאָלק פון אמונה און מיט דער אמונה זענען מיר אַרויס איבער דער וועלט, געטראָגן דעם באַרג סיני אויף די פּלייצעס, נתעשר געוואָרן אין דער נע־ונדקייט מיט טראַגישן פּאַטאָס. מיט די יאָרן איז דער גליי־שטייז פון אמונה צעברעקלט געוואָרן אויף קאָמפּאָרטאַבלער כּפירה און לויזער געצן־דינעריי. איצט לייכט ווידער אויף דער פלאַקער פון באַנייטן ייִדישן מיטאָס טאַקע דאָ, אין שכנות פון באַרג סיני. דאָס איז דער פּענאָמען, וואָס גיט כּוח דעם ייִדישן שרייבער, אויף העברעיִש און ייִדיש. אַנדערש איז ער אַ יורד, וואָס לעבט גייסטיק פון פרעמדע טישן.




פאַרלאַג אַדרעס
''KIUM''
Ayacucho 352
Buenos Aires Argentina

## דערשינענע ביכער:

1. **דוד בן־גוריון** — נצח ישראל

2. **מענדל מאַן** — אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף

3. **יתיאל האַלפערן** — דער רעוואָלט פון אַ גלות־פאָלק

4. **יוסף שפרינצאַק** — אין וואָרט און אין שריפט

5. **ה. לייוויק** — אַ בלאַט אויף אַן עפלבוים

6. **אפרים דקל** — געהיים־דינסט פון דער „הגנה" אין ארץ־ישראל

7. **ד"ר טעאָדאָר הערצל** — דערציילונגען און פעליעטאָנען

8. **י. לעשצינסקי** — דאָס נאַציאָנאַלע פנים פון גלות־יידנטום

9 **מ. גראָס־צימערמאַן** — יידן צווישן יידן

## אין צוגרייטונג:

10 **יצחק בן־צבי** — מיט דער צווייטער עליה

